נח פּריִלוצקיִ

# איִן פּוילען.

כּמעט אַ פּובליציִסטיִש טאָגבוך

(1905—1911).

№ 29

# אינהאַלט:

## 1905



## 1906



## 1907



## 1909

## 1910



## 1911

# פֿאָרוואָרט.

דאָס בוך איז אָפּגעזעצט געוואָרען אין יאָר 1913. כ'האָב עס ניִשט געלאָזט דרוקען, רעכנענדיק צוצוגעבען נאָך די אַרטיקלען פֿאַר די יאָרען 1912—1913. דאָס ווײַטערדיקע זעצען איז צײַטווײַליק אָפּגעשטעלט געוואָרען איבער טעכנישע סבות. דערנאָך איז אונטערגעקומען די וועלט־מלחמה. די דײַטשישע צענזור, אין די צײַטען פֿון דער אָקופּאַציע, וואָלט געוויסע אַרטיקלען ניִשט דורכגעלאָזט. אין די יאָרען 1919, 1920 בין איך געווען פֿאַרנומען מיט אַנדע־ע אַרבעטען. יעצט ווערט געדרוקט דאָס אָפּגעזעצטע: מײַנע אַרטיקלען פֿאַר די יאָרען 1905 — 1911, וועגען די פּויליש־ייִדישע באַציִונגען און וועגען אינערליכען לעבען פֿון פּוילישען ייִדענטום. כמעט אַ פּובליציסטיש טאָגביך: „אין פּוילען".

אַ צײַטונגסאַרטיקעל איז ווי אַ זומערפֿײַגעלע: פֿאַרשווינט מיט'ן טאָג. די צײַט שאַפֿט אָבער נײַע לעזערמאַסען, וואָס ווערען אַרײַנגעצויגען אין געזעלשאַפֿטליכען און פּאָליטישען לעבען. ס'וואַקסט אונטער אַ נײַער דור. אַ זאַמלונג פֿון אַלטע אַרטיקלען וועגען אַ געוויסער פֿראַגע קען פֿאַרטרעטען אַ מאָנאָגראַפֿיע: זי עפֿענט די פּערספּעקטיווע; צייכענט־אָן די פּראַגמאַטישע אַנטוויקלונג פֿון געזעלשאַפֿטליכע און פּאָליטישע טענדענצען, ריכטונגען, פּראָצעסען; מאַכט קלאָר די עקזיסטירענדיקע פֿאַר־העלטענישען באַם ליכט פֿון פֿריִער־געשעענעם. אַ סך פֿון דעם, וואָס זעט אין פּלוק אויס אויסגעטראַכט, ווײַזט זיך אַרויס בלויז אַלס מער בולטער אויסדרוק פֿון דעם, וואָס איז לאַנג ביסלעכווײַז אָנגעוואַקסען און בײַ גינסטיגערע באַדינגונגען נאָר פֿריִער זיך אַנטפּלעקט.

**נח פּרילוצקי.**

וואַרשע, מערץ 1921

# נח פּריִלוּצקי.

## (ביאָגראַפיע).

נח פּרילוצקי איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1882 אין בערדיטשעוו, אין הויז פון זיין באָבע, איינער פון די אָנגעזעהענסטע פרויען אין שטאָדט, אָבער אין קרעמעניץ האָט ער פערבראַכט זיינע בעסטע קינדעריאָהרען.

צו יענער צייט האָט קרעמעניץ גע׳שמ׳ט פאַר אַ צענטר פון דער השכלה־בעוועגונג, און אַ וויכטיגער פונקט פונ׳ם חובבי־ציוניסטישען געדאַנק איז געווען דאָס הויז פון נח׳ס זיידע, איינער פון די אָנגעזעהענסטע, רייכסטע און געבילדעטסטע יודען אין דער גאַנצער אַרומיגער געגענד, אַ פערזענליכער פריינד און חבר פון בעריהמטען משכּילישען דיכטער און דענקער, ר׳ יצחק בער לעווינזאָהן (ריב״ל).

אין אַזאַ יודיש-אינטעליגענטער נאַציאָנאַלער סביבה האָט נח זיך ערצויגען פון קינדווייז אָן, און דאָס האָט אָהן צווייפעל געלעגט דעם פונדאַמענט צו דער קינפטיגער גרויסער נאַציאָנאַלער אַרבייט.

נאָך אַלס קינד האָט פּרילוצקי ארויסגעוויזען גרויסע פע־

היגקייטען און צו 5—6 יאָהר האָט איהם גאַנץ קרעמעניץ גע-
קענט. ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט פיר לעהרערס מיטאַמאָל:
איינער פון די גרעסטע משכילים און געלעהרטע אין שטאָדט,
אַ תלמיד פון ר׳ יצחק בער לעווינזאָהן, ר׳ הירש הירשפעלד,
האָט געלערנט מיט נח׳ן העברעאיש; דער גרינדליכער תנ״ך-
קענער, אַלטער גלאַסער—האָט געלערנט מיט איהם תנ״ך;
זיין פאָטער, ה׳ צבי פרילוצקי, האָט געלערנט מיט איהם יודישע
געשיכטע און יעבק׳ס מעשה׳לעך פאַר קינדער, און ד״ר הינדעס
פלעגט איהם פון צייט צו צייט פערהערען און פיהרען מיט
איהם געשפרעכען וועגען נאַציאָנאַלע ענינים און ד. גל.

צו 7 יאָהר האָט נח שוין גערעדט פליסיג העברעאיש
און רוסיש. נאָר גלייכצייטיג האָט אויך דער אינטערעס צו דער
יודישער שפּראַך, צו די פאָלקסטימליכע רעדענסאַרטען און מעשה-
לעך אָנגעהויבען אַריינצודרינגען אין זיין יונג הערצל.

שוין דאַן איז אין איהם פערזייהט געוואָרען דאָס קערענדעל
פון דעם אונערמידליכען פאָרשער פון יודישען פאָלקלאָר. שוין
דאַן האָט אין זיין יונג הערצעל געלעבט אַ שטאַרקע ליבע צו
דער שפּראַך פון אונזערע מאַמעס, צו דער אמת׳ער שפּראַך פון
די יודישע מאַסען, צו דעם פאָלקסטימליכען אוצר פון לידער,
מעשה׳לעך און גלייכווערטלעך. דידאָזיגע מעשה׳לעך האָבען אויף
איהם געמאַכט אַזאַ רושם, אַז איניגע פון זיי האָט ער דאַן אי-
בערגעזעצט אויף רוסיש.

דידאָזיגע ליבע איז אָבער, נאַטירליך, געווען בלויז אַ טונ-
קעלע, אונבעשטימטע, ווייל די ערציהונג פון דעם זעלטען פעהי-
גען קינד איז געווען אַנ׳אַזויגערופענע הערברעאישע, זאָגאַר מיט
אַ ביסעל פעראַכטונג צו דער „שפחה״—צום „זשאַרגאָן״.

צו 8—9 יאָהר האָט ער זיך שוין אינטערעסירט מיט אַלע
געזעלשאַפטליכע און יודיש-נאַציאָנאַלע פראַגען, מיט וועלכע ס׳האָט
דעמאָלט געלעבט די יודישע גאַס, און וועגען וועלכע מען פלעגט
אָפט דעבאַטירען אין זיין טאַטענס הויז אויף די שבת׳דיגע גע-
שפרעכען. ער איז געוואָרען דער ביבליאָטעקאַר פון זיין פאָ-
טערס גרויסער ביבליאָטעק, הויפטזעכליך פון יודאאיקאַ, האָט זי

קאַטאַלאָגירט און האָט כמעט אַלע ביכער דורכגעלעזען. ער איז געוואָרען גוט בעהאַוועגט אין אַלע פראַגען, וואָס זענען דאַן געווען אויף דער טאָג-אָרדנונג, און זאָגאַר זיך גענומען צו אַ געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבייט. ער האָט געגרינדעט אַ יוגענד-קרייז, וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען „זעלבּסטפערפאָלקאָמונג", זיך ערציהען אין יודיש-נאַציאָנאַלען גייסט און איינפלאַנצען אין זיך גוטע מידות. ער האָט זאָגאַר אַליין אָנגעשריבען פאַר דעמדאָזיגען קרייז אַ סטאַטוט, וועלכער האָט זיך אפילו אויסגעצייכענט מיט אַ געזונטער, נישט קינדערשער לאָגיק.

צו 10 יאָהר האָט דער קליינער נח, דער גרינדער פון יוגענד-קרייז, דער אָפּאָנענט אין געזעלשאַפטליכע פראַגען, דער לעזער פון פיל ערנסטע ביכער און פון דער שענער ליטעראַטור, ווי בייראָן, געטהע, שילער, א.אַז.וו.—אויך געוואָרען דיכטער, סאַטיריקער און זשורנאַליסט.

ער האָט שוין דאַן אָנגעשריבען אַ סאַטירע אויף אַ געוויסען קרעמעניצער ציוניסט, וועלכער האָט פערקויפט זיינע אַקציעס פון בויען אַ קאָלאָניע אין ארץ ישראל. די סאַטירע האָט געטראָגען דעם טיטול: „ישנו איש אחד ושמו זעליג"... און ער האָט אויך אָנגעשריבען אַנ'אַרטיקעל „משנאה לאהבה" וועגען באַראָן הירש'ס פלענער, וועלכע האָבען אין דעם קינד געפונען אַ שאַרפען געגנער, פאַר דעם נישט וועלען קאָלאָניזירען ארץ־ישראל. דערדאָזיגער אַרטיקעל האָט זיך געענדיגט מיט אָנערקענונג פאַר באַראָן הירש'ן, אָבער דאָך נישט פאַר זיינע פלענער אין אַרגענטינע.

נאַטירליך, האָבען נאָך די אַלע ווערק: די לידער, די סאַטירע און דער זשורנאַליסטישער אַרטיקעל, געטראָגען אויף זיך אַ קינדערשען סטעמפּעל, אָבער דאָך האָט זיך ש'ין אין זיי געוויזען דער קינפטיגער, דער אַלזייטיג בעגאַבטער נח פרילוצקי.

אין דער צייט איז ער אַריינגעטראָטען אין דער קרעמעניצער שטאָדטישער שולע, וואו ער האָט פערבראַכט פיר יאָהר.

נאָכ'ן ענדיגען די שולע איז ער אַ גאַנץ יאָהר פערבליבען אין דער היים. ער האָט דאַן זעהר פיל געלייענט, געלערנט

גרינדליך תנ"ך, דקדוק, משנה און גמרא ביי איינעם פון די גרעסטע לומדים אין שטאָדט, אַלטער מלמד.

אין יאָהר 1896 איז ער אַריינגעטראָטען אין צויזמער פראָגימנאַזיע. דאָרט האָט ער פערבראַכט צוויי יאָהר.

צו יענער צייט איז ער אויך געוואָרען אַנ'אונערמידליכער זאַמלער און קאָלעקציאָנער. שוין דאַן האָט ער אָנגעהויבען ענער־גיש צו זאַמלען פאָסט-מאַרקעס, אַלטע מטבעות, אַנטיקען, אַלטע ספרים א. ד. גל.

דאָס שטעדטיל צויזמיר האָט אויך איבערגעלאָזען טיפע שפורען אין דעם קינפטיגען פאָלקלאָריסט. דאָרט האָט ער זיך נעהנטער צוגעקוקט צום לעבען פון די פאָלקסמאַסען, געהערט זייער אַרט רעדען, זייערע אייגענאַרטיגע וויצען, און דאָרט האָט ער אויך צום ערשטען מאָל געזעהן די אויפפיהרונג פון אַ פורים־שפיל. דאָס פורים-שפיל האָט דעם קינפטיגען זאַמלער פון דידאָזיגע שפילען אַזוי פעראינטערעסירט, אַז ער האָט זי פערנאָטירט ביי זיך און אין דריי יאָהר אַרום, בשעת די זומער־וואַקאַציעס, אויפגעפיהרט מיט קאָלעגען אין קרעמעניץ.

צויזמיר איז אויך געווען די ערשטע שטאָדט, וואו דער יונגער פרילוצקי איז צום ערשטען מאָל געוואָרען טיילווייז זעלבסטשטענדיג, אָנגעהויבען לעבען טיילווייז פון אייגענער מיה און אַרבייט.

אין יאָהר 1898 האָט פרילוצקי געענדיגט מיט אַנ'אויסצייכנונג דאָס צויזמערער פראָגימנאַזיע און איז אָנגעקומען אין 5-טען קלאַס פון דער וואַרשאָווער דריטער גימנאַזיע.

אין דערדאָזיגער גימנאַזיע האָט געהערשט אַ שטרענגער רעזשים, נאָר דאָך האָט דער יונגער פרילוצקי זיך באַלד אַרויסגערוקט, געוואָרען דער ערשטער שילער אין קלאַס און גע'שמ'ט אַלס פעהיגער מאַטעמאַטיקער, ליטעראַטור־קענער און היסטאָריקער. ער איז אין גיכען אַזוי בעריהמט געוואָרען אין גימנאַזיע, אַז דער פעדאַגאָגישער ראַט האָט בעשלאָסען איהם איבערצולאָזען אין גימנאַזיע אָהן שכר־למוד.

אַלס שילער פון 5-טען קלאַס, האָט ער אויך געמאַכט די־

ערשטע פּראָבע אויפ׳ן געביט פון בעלעטריסטיק. ער האָט אָנ־
געשריבען אַ גרעסערע ערצעהלונג און צוגעשיקט אין דער רו־
סישער וואָכענשריפט פאַר ליטעראַטור און קונסט „ניוואַ“. אין
קורצען האָט ער די ערצעהלונג צוריקבעקומען אויפ׳ן אַדרעס פון
גימנאַזיע. דערביי איז געווען בייגעלעגט בריעף, וואו ס׳ווערט
צו איהם געשריבען אין אַ וואַרימען און העפליכען טאָן, און
ס׳ווערט אויסגעדריקט בעדויערונג, וואָס די נישט שלעכט אָנגע-
שריבענע ערצעהלונג קאָן לײדער נישט געדרוקט ווערען צוליב
מאַנגעל אין פּלאַץ. דער פאַקעט מיט׳ן ענטפער איז אַריינגעפאַ־
לען אין די הענד פון קלאַסאויפזעהער, וועלכער האָט איבערגע-
לייענט אי דעם ענטפער, אי די ערצעהלונג און האָט דערנאָך
שטאַרק געריהמט פּרילוצקי׳ן אויף אַ זיצונג פון פּעדאַגאָגישען
ראַט.

דערדאָזיגער פאַקט האָט מיטאַמאָל שטאַרק אויפגעהויבען
פּרילוצקיס אָנזעהן אין שולע און זאָגאַר די אַנטיסעמיטישע
לעהרער האָבען בעקומען דרך־ארץ פאַר איהם.

דאָרט אין גימנאַזיע, האָט פּרילוצקי זעהר פיל געלייענט
אויפ׳ן געביט פון געשיכטע און נאַטורוויסענשאַפט. ער האָט זיך
אָבער צופיל אָנגעשטרענגט און איז שווער קראַנק געוואָרען
אויף אַ שטאַרקען בראָנכיט און נערווען־אָבשוואַכונג. ער האָט
געמוזט איבעררייסען די למודים און אָפּלעגען אויף אַ צוויי־
חדשים׳דיגען אורלויב קיין קרעמעניץ.

ווען ער איז געווען אין 6-טען קלאַס, איז פאָרגעקומען אַ
גרויסע שינוי אינ׳ם לעבען פון פאָטער. דער פאָטער האָט גע־
מוזט וואַרפען דעם מסחר און איז אַריינגעטרעטען אַלס שטענדי־
גער מיטאַרבייטער אין פּעטערבורגער „המליץ“. דער זוהן האָט
מעהר אינגאַנצען נישט געקאָנט לעבען אויפ׳ן חשבון פון די
עלטערן און ער האָט זיך אַליין געמוזט פאָלשטענדיג אויסהאַל-
טען פון לעקציעס.

אָנפאַנגס איז עס נישט געראָטען געגאַנגען מיט די לעק־
ציעס, און ער האָט געמוזט לעבען מיט זעהר קאַרגע מיטלען.
שפּעטער אָבער האָט ער בעקומען אַ שם פון אַ גוטען און געווי־

סענהאַפּטען לעהרער, און זייענדיג אין די ווייטערדיגע קלאַסען, האָט ער שוין געהאַט אַזוי פיל לעקציעס, אַז ער האָט געקאָנט פּאָלשטענדיג לעבען זעלבסטשטענדיג, און פערהעלטניסמעסיג נישט שלעכט.

אין 6-טען קלאַס האָט ער אויך אינטענסיוו שטודירט אַסטראָנאָמיע, געמאַכט בעדייטענדע פּאָרטשריטען אין דערדאָזי־גער וויסענשאַפט.

צו יענער צייט איז ער אויך אַריינגעטראָטען אין דער ליטעראַרישער און זשורנאַליסטישער משפחה. די ערשטע פּראָ־בעס זענען איהם אפילו נישט אַזוי שטאַרק געלונגען, ווייל ער האָט זיך געריסען צו הויך, העכער ווי זיינע יונגע כחות און גייסטיגער שטאַנד האָבען דאָס געקאָנט ערלויבען.

אין הערבסט 1899 האָט דער שילער פון 6-טער קלאַס גימנאַזיע, אָנגעשריבען אין רוסיש אַ גרויסען, פּסיכאָלאָגישען ראָ־מאַן, וואו ס'איז בעהאַנדעלט געוואָרען דאָס סעקסועלע פּראָבלעם. דאָס דאָזיגע ווערק האָט אָבער דעם מחבר אַליין נישט בעפרי־דיגט און ער האָט עס פערברענט.

צו דער זעלבער טעמאַ האָט ער זיך צוריקגעקעהרט אין אַ יאָהר אַרום. אין הערבסט 1900 האָט ער ווידער געפּרובט אָנ־שרייבען אַ פּאָר קאַפּיטלעך פון אַ ראָמאַן, אויף דער דערמאָהנ־טער טעמאַ, נאָר ווידער האָט איהם די אַרבייט נישט בעפרי־דיגט און אויך דאָס מאָל איז עס מיט'ן פייער אַוועק...

דערפאַר אָבער האָט ער מעהר ערפאָלג געהאַט אין דער זשורנאַליסטיק אין דער יודישער שפּראַך. דאָ איז ער צום ער־שטען מאָל אַרויס אויף דער עפענטליכער אַרענע. אונטער די פּסעוודאָנימען: סטודענט אַנאַליזין, האָפמאַן א. ד. גל. האָט ער אָבגעדרוקט אין ראַבינאָוויטשעס האַלב־לעגאַלען זשורנאַל „בלעטלעך פון אַ טאָג־בוך", עטליכע פעליעטאָנען אויף וויסענ־שאַפטליכע טעמעס. די דאָזיגע פעליעטאָנען האָבען געהאַט ער־פאָלג.

ער האָט אויך אָנגעשריבען עטליכע נאָוועלען אין רוסיש, געזאַמעלט איבער 2000 יודישע שפּריכווערטער און זיך גענומען

פאַר אַ גרויסען מאָדערניסטישען ראָמאַן. אָבער אויף דעם געביט פון ראָמאַנען איז איהם אויך דאָס מאָל נישט געגאַנגען. ער האָט אַליין פערשטאַנען, אַז דאָס איז אייגענטליך נישט מעהר ווי זוכענישען און האָט געקוקט אויף זיינע ליטעראַרישע אַרבייטען בלויז ווי אויף דערזוייליגע פראָבעס צו עפּיס העכערס.

איבערגעהענדיג אין אַכטען קלאַס האָט פרילוצקי בעקומען אַלס אויסצייכנונג טורגעניעווס אַלע ווערק אין אַ פראַכט־אויסגאַ־בע, און ס'איז פאַר אַלעמען מעהר קיין ספק נישט געווען, אַז דער יוד נח פרילוצקי וועט געוויס זיין דער ערשטער און איינ־ציגער, וואָס וועט ענדיגען די דאָזיגע שטרענגע גימנאַזיע מיט אַ נאָלדענעם מעדאַל. איבערהויפּט האָבען אויסגענומען זיינע לי־טעראַרישע אָבהאַנדלונגען, וועלכע די לעהרער האָבען צוגעזאָגט אָבצודרוקען אַלע מוסטער, און ביז'ן ענדיגען די גימנאַזיע האָט מען איהם קיינמאָל נישט אויסגערופען צום פערהער, ווייל די לעהרער זענען תמיד זיכער געווען, אַז איהם דאַרף מען נישט קאָנטראָלירען.

אינ'ם זעלבען קלאַס איז ער ווידער זעהר געפעהרליך קראַנק געוואָרען אויף שקאַרלאַטין און דיפטעריט. אַ סך טעג האָט ער זיך געראַנגעלט מיט'ן טויט, זיך דערהאַלטען מיט איינשפּרי־צונגען פון מאָרפין, קאַמפער א. אַ. וו. אויך איצט, פונקט ווי אין זיינע פריהסטע קינדעריאָהרען, האָט ער זיך געפונען אונ־טער דער אויפזיכט פון זיין גוטען, געטרייען און ליבען רבי ד״ר הינדעס. אויך איצט האָט דער גוטער דאָקטאָר געוופען, גע־וועקט אין דעם גוסס'דיגען בחור'ל מוט און האָפנונג, אָבער די קראַנקהייט איז נישט אָבגעפאַלען און אין גימנאַזיע האָט מען שוין געקליבען אויף אַ קראַנק פאַר דעם פעהיגען קאָלעגאַ. נאָר פלוצלונג איז אַנ'אונגעוועהנליכער נס געשעהן: דער קראַנק איז געוואָרען איבעריג.

זיין יונגער אָרגאַניזם האָט ענדליך גובר געווען, און ביס־לעכווייז איז ער צו די כחות געקומען.

נישט קוקענדיג אויף די שווערע נאָכוועהענישען פון דער געפעהרליכער קרענק, אויף דער געוואַלדיגער אָבגעשוואַכטקייט

ענדיגט ער גלענצענד די גימנאַזיע און איז זיך מכין אַריינ-
צוטרעטען אין אוניווערזיטעט.

מיט'ן אַריינטרעטען אין אוניווערזיטעט הויבט זיך אָן אַ נייע
קאַפּיטעל אין פּרילוצקיס טיכטיגען און אַרבייטסזאַמען לעבען. ער
ווערט אַנ'אונערמידליכער קעמפער פאַר דער יודיש-נאַציאָנאַלער
זאַך, און דערפאַר, נאַטירליך, האָבען זיך פערצויגען זיינע אוני-
ווערזיטעט-יאָהרען — פון 1902 ביז 1909. אַ סטודענט אַ קעמפער
איז אין רוסלאַנד געֿרודפ'ט געוואָרען און פּרילוצקי איז אַרויסגע-
טריבען געוואָרן פון דער פעטערבורגער אוניווערזיטעט.

אין מיטען ווינטער 1903 ווערט פּרילוצקי אַרעסטירט
פאַר בעטייליגען זיך אין אַ פּאָליטישען מיטינג פון לינקע סטו-
דענטען און זיצט אָב 2 חדשים אין פּאַוויאַק.

אין די יאָהרען 1904 — 1905 ווערט פּרילוצקי אַ טעטיגער
מיטגליד אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, טרעט אַריין אין
ציוניסטישען סטודענטען-פעראיין „קדימה" און ווערט אויסגעוועהלט
אַלס מיטגליד אין קאָמיטעט פון „ציוני ציון", וואָס האָט אין
יענער צייט אָנגעפיהרט מיט'ן קאַמף געגען טעריטאָריאַליזם. אַלס
פאָרשטעהער פון דעם קאָמיטעט פאָהרט ער אַרום אין פערשי-
דענע שטעדט, האַלט רעפעראַטען אויף ציוניסטישע טעמען, ווערט
בעוואוסט אַלס גלענצענדער רעדנער. אין אַ קורצער צייט אַרום
בעטייליגט ער זיך אין דער ווילנער ציוניסטישער קאָנפערענץ,
קומט דאָרט אין בעריהרונג מיט די ציוניסטישע אַרבייטער-גרופּען,
רוקט זיך אַ ביסעל לינקס אין זיינע איבערצייגונגען און הויבט
אויך אָן אַרויסצוטרעטען עפענטליך מיט רעדעס אין יודיש, וואָס
ס'קומט איהם אָנפאַנגס אָן נישט אַזוי לייכט.

ערשט אין פריהלינג 1905 ווערט איהם אינגאַנצען קלאָר,
אַז דער ציוניזם דאַרף זיך פערנעהמען מיט געגענווערטיגע אַר-
בייט, אַז דער ציוניזם דאַרף בכלל ווערען דעמאָקראַטישער ווי ער
איז, און אַז אויך די ציוניסטישע יוגענד דאַרף נעהמען אַנ'אַק-
טיווען אַנטייל אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג.

נאָכ'ן ציוניסטישען קאָנגרעס טרעט ער אַריין אַלס שטענ-
דיגער מיטאַרבייטער אין „וועג", וואָס ערשיינט אין וואַרשא און-

טער דער רעדאַקציע פון זיין פאָטער, ה׳ צבי פרילוצקי. אָנפאַנגס איז איהם אַ ביסעל שווערליך צו שרייבען יודיש. נאָר אין פער־לויף פון איין חודש צייט בעווייזט ער אַזוי גרינדליך צו בע־הערשען די יודישע שפּראַך, אַז ער קען שוין איבערנעהמען די רעדאַקציע פון „וועג" און ווערט אויך דער הויפּט-פּובליציסט פון דער צייטונג.

פון יענער צייט הויבט זיך אָן נח פרילוצקי׳ס טעטיגקייט אַלס זשורנאַליסט.

אין יאַנואַר 1907, ווען דער „וועג" האָט זיך פערמאַכט, איז פרילוצקי אַוועקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג ענדיגען זיין שטודיום, אָבער צוליב פערשידענע טעמים מוז ער זיך אומקעה־רען צוריק קיין וואַרשא.

אין אויגוסט 1908 בעטייליגט זיך פ. אין דער היסטאָרישער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ. ער ווערט אויסגעקליבען אין דער „קאָמיסיע פון 7", וואָס האָט אויסגעאַרבייט די בעריהמטע רע־זאָלוציע וועגען יודיש אַלס נאַציאָנאַלע שפּראַך פון די יודען.

אין יאָהר 1908 האַלט ער אויס גלענדענד דעם מלוכה-עקזאַ־מען אויף יוריסט מיט אַדיפּלאָם פון 1-טער מדרגה. די דיסער־טאַציע, וואָס ער האָט צום עקזאַמען אויפגעשריבען: „וועגען דער האַנדעס-פירמא" — איז געווען איינע פון ערשטע ערנסטע פּרובען אויף דעם געביט.

פאַר דער צייט האָט ער אויך אָבגעדרוקט אַ רייהע ליטע־ראַרישע אַרטיקלען אין „אונזער לעבען".

נאָכ׳ן ענדיגען די אוניווערזיטעט בעזעצט זיך פרילוצקי אין וואַרשאָ, וואו ער פירט ווייטער זיין ליטעראַריש-פּובליציסטי־שע טעטיגקייט. זומער 1910 פערנעהמט ער זיך מיט׳ן אָרגאַני־זירען די טעגליכע צייטונג „דער מאָמענט", און ביז׳ן היינטיגען טאָג איז פרילוצקי איינער פון די הויפּט-מיטאַרבייטער אין „מאָמענט", וואו ער האָט אָבגעדרוקט אַ מענגע אַרטיקלען איבער פערשידענע פּאָליטיש-געזעלשאַפטליכע פראַגען, כאַראַקטעריסטיקעס, קריטישע אָבהאַנדלונגען איבער קונסט און ליטעראַטור א. זאַ. וו.

אין יענער צייט עפענט פרילוצקי זיין אַדוואָקאַטישע ביורא

און אין פערלויף פון אַ גאַנץ קורצער צייט רוקט ער זיך אַרויס
אויך אויף דעם אַדוואָקאַטען-געביט. ער בעקומט אַ קאָלאָסאַלע
פּראַקטיק, איבערהויפּט אַלס פערטיידיקער אין קרימינאַל-פּראָצעסען.
ער בעקומט אַ נאָמען אין די אַדוואָקאַטען-ספערען אַלס גלענצענ-
דער רעדנער און אויסגעצייכענטער רעפּליקער און אויך די ריכ-
טער הויבען זיך ערנסט אָן צו רעכנען מיט דעם נאָך גאָר יונ-
גען טאַלענט פונ׳ם פערטיידיגער.

אין זעלבען יאָהר ערשיינט זיין 1-טער באַנד „יודישע
פאָלקסלידער״, וויסענשאַפטליך בעאַרבייט. שפּעטער ערשיינט דער
1-טער באַנד פון „נח פּרילוצקיס זאַמעלביכער פאַר יודישען פאָלק-
לאָר, פילאָלאָגיע און נאַטור-געשיכטע״. די ביכער האַלטען איהם
אָבער נישט אָב פון געזעלשאַפטליכער אַרבייט.

ווען ס׳ברעכט אויס אין פוילען די באָיקאָט-בעוועגונג, ווערט
נח פּרילוצקי אַ מיטגליד אין דער עקזעקוטיווע פונ׳ם יודישען
קאָמיטעט צו בעקעמפען די באָיקאָט-בעוועגונג. ער אַרבייט אויס
אַ סטאַטוט פון אַ נייער געזעלשאַפט צו ענטוויקלען דאָס יודישע
עקאָנאָמישע לעבען און צו בעקעמפען דעם אַנטי-יודישען
באָיקאָט. ער איז זיך משתדל ביים גענעראַל-גובערנאַטאָר וועגען
לעגאַליזירען די געזעלשאַפט, נאָר בעקומט אַ נ׳אָבזאָג.

אויפ׳ן גרונד פון דער באָיקאָט-העצע האָבען אין פערשי-
דענע שטעדטלעך און דערפער זיך אָנגעהויבען קלענערע און גרע-
סערע עקסצעסען געגען יודישע קרעמער, קרעטשמע-אייגענטימער
און סתם ישוב׳ניקעס. פון דאָ און דאָרט זענען דערהאַלטען גע-
וואָרען ידיעות וועגען רציחות, אונטערצינדען יודישע הייזער,
צווינגען מיט קלעפּ און דראָהונגען די יודען זיך אַרויסצוקלויבען
פון זייערע שטענדיגע וואוינונגסערטער, הרגענען די יודישע קרע-
מער א. אַז. וו.

פּרילוצקי האָט שטענדיג ענערגיש רעאַגירט אויף די אַלע
עולות געגען זיינע ברידער און אויך געהאָלפען ווי ווייט מעגליך
די געליטענע. פון יענער צייט אָן הויבט זיך אָן פּרילוצקיס אונ-
ערמידליכע אַרבייט פאַר די ברייטע יודישע מאַסען, און די
דאָזיגע אַרבייט האָט איהם אין פערלויף פון אַ גאַנץ קורצער צייט

שטאַרק פּאָפּולער געמאַכט איך דער יודישער גאַס און איהם אָנגעהויבען אַרויסרוקען אויפ׳ן ערשטען פּלאַן פון יודיש-פּאָליטישער און געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט.

עס איז געגאַנגען אַלץ צוזאַמען: זיין געזעלשאַפטלכע אַרבייט מיט דער ליטעראַרישער, און אַלץ מעהר און מעהר האָט אָנגעהויבען וואַקסען זיין נאָמען אַלס אַדוואָקאַט, כלל-טהוער, זשורנאַליסט, ווי אויך אַלס אונערמידליכער פאָרשער פון די בעהאַלטענע אוצרות אין יודישען פאָלקסטימליכען לעבען.

* * *

דער אויסברוך פון דעם וועלט-קריג האָט פּרילוצקי׳ן געטראָפען אין דייטשלאַנד. מיט גרויס מיה האָט ער זיך קוים פון דאָרט אַרויסגעקריגען און ערשט אין אָקטאָבער, דורך שוועדען אין רוסלאַנד, צוריקגעקומען קיין וואַרשא.

איבער די קעפּ פון די פּוילישע יודען האָט דעמאָלט געהאָנגען די בעשולדיגונג אין מאַסען-בגידה, שפּיאָנאַזש לטובת דייטשלאַנד און נישט-לאָיאַלע האַלטונג בנוגע צום רוסישען מיליטער. אַלס רעזולטאַט דערפון זענען געווען די גרושים און פּאָגראָמען כמעט אין אַלע שטעדטלעך פון לינקען ברעג ווייכסעל, ווי אויך אין א גרויסען טייל שטעדט אויפ׳ן רעכטען ברעג פון דער ווייכסעל. אויסער מאַטעריעלער הילף פאַר די הונדערטער טויזענדער דערשלאָגענע און צובראָכענע היימלאָזע, איז אויך וויכטיג געווען אַ באַלדיגע ענערגישע יורידישע הילף און אַן׳אַלגעמיינע פּאָליטישע טעטיגקייט אויפצעווייזען די גרונדלאָזיגקייט פון די אַלע בעשולדיגונגען געגען די פּוילישע יודען.

דעמאָלט איז נ. פּרילוצקי׳ס הויז געוואָרען דער זאַמעלפּונקט פון אַלע מלחמה-געליטענע, הויפּטזעכליך אויפ׳ן פּאָליטישען און יורידישען באָדען.

אַ גאַנצער שטאַב בעאַמטע האָט אין פּרילוצקיס ביורא געאַרבייט, אַלץ פּראָטאָקאָלירט און באַלד אָנגעשריבען די געהעריגע ביטעס צו דער מאַכט, מעמאָריאַלען, אָנקלאַגען א. אַז. וו.

די אַלע געזאַמעלטע מאַטעריאַלען: פּראָטאָקאָלען, קאָפּיעס

אָדער אַרגומענטען פון געהיימע צירקוליאַרען, פּראָקלאַמאַציעס און אַנטיסעמיטישע מיטטיילונגען, פלעגען דורך פּרילוצקיס ביוראָ אי־בערגעשיקט ווערען קיין פּעטערבורג צו די דאָרטיגע יודישע כלל־טהוער, כדי זיי זאָלען דארויף רעאַגירען ביי דער צענטראַל־מאַכט.

מיט דער דייטשער אָקופּאַציע הויבט זיך אָן אַ גאַנץ ניי קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון נח פּרילוצקי׳ס טעטיגקייט אויפ׳ן פּאָליטיש־געזעלשאַפטליכען געביט. די דערשטיקטע רעוואָלוציאָנערע פּראָבעס פון 1905—1906, די ווילדע רעאַקציע אין דער גאַנצער צאַרישער אימפּעריע ביז׳ן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, און די מאַסען אומגליקען, וואָס האָבען זיך אַ שאָט געגעבען אויף אונזערע קעפּ אין דעם ערשטען יאָהר פון וועלט־קריג, — האָבען געצוואונגען דעם קאַמפּס־פֿעהיגען פּרילוצקי צו פיהרען בלויז אַ פערטיידיגונגס־קאַמף, צו שיצען זיינע ברי־דער געגען די באָיקאָט־וועהען, געגען די גרעסערע און קלענערע עקססעסען מצד די דוואַ גראָשע־באַנדעס. און געגען די מאַסען־גרושים, בלבולים און רדיפות מצד די צאַרישע חיילות. אַרויס־טרעטען דאַן אַלס פּאָליטישער קעמפער אין ברייטען סטיל, אַלס פאָדערער, מאָהנער, מיט אַ קלאָרער נאַציאָנאַלער פּלאַטפאָרם — וועגען דעם האָט מען אין די דערמאָנטע יאָהרען זאָגאַר טראַכטען נישט געקענט.

אַנדערש האָט אויסגעזעהן די לאַגע אין די יאָהרען פון דער דייטשער אָקופּאַציע. אונטערן דראַנג פון די געשעהענישען און אַ דאַנק דאָס ביסעל פּאָליטישע פרייהייט, וואָס מיר האָבען פון די אָקופּאַנטען בעקומען, האָט אין גאַנץ פּוילען זיך אָנגעהויבען אַ טעטיג געזעלשאַפטליך לעבען צווישען די יודען. איבעראַל, אין די גרעסערע און קלענערע שטעדט, האָבען זיך צוריקגעפּעפט און ס׳האָבען זיך געגרינדעט נייע פּאָליטישע און קולטורעלע פעראיי־נען. איבעראַל האָט זיך צוריק אָנגעהויבען אַ יודיש־נאַציאָנאַלע טעטיגקייט, וואָס האָט אַרומגענומען כמעט אַלע שיכטען פון דער יודישער בעפעלקערונג. פּרילוצקי האָט זיך מיט׳ן גאַנצען ברען אַ וואָרף געגעבען אין קאַמף פאַר אַ נייער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער צו־

קונפּט און ער האָט דעם דאָזיגען קאַמף אַזוי העלדיש און מוטיג געפיהרט, דאָס ער האָט אין אַ גאַנץ קורצער צייט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון פּאָפּוליאַריטעט, געוואָרען אַ שם הכולל פאַר אַלע יודיש-נאַציאָנאַלע קעמפּער אין פּוילען.

אין יענער צייט האָבען די דייטשען געעפענט די פּאָרביל-דונגס-קורסען פאַר יודישע לעהרער. ה׳ פּרילוצקי איז איינגעלאַדען געוואָרען אַלס לעקטאָר אויף די קורסען. ער האָט אָבער אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג, אַז ס׳זאָל אָפיציעל ערקלערט ווערען, דאָס די שפּראַך פון די קורסען איז יודיש. בעקומענדיג אַן׳אויסמיידענדע תשובה, האָט פּ. די איינלאַדונג נישט אָנגענומען.

דערווייל זענען אונטערגעקומען די וואַהלען צום ערשטען וואַרשאָווער שטאָדט-ראַט. ס׳איז געגרינדערט געוואָרען דער אַזוי גערופענער „פעראייניגטער יודישער וואַהל-קאָמיטעט", וואָס איז בעשטאַנען פון אַסימילאַטאָרען, אָרטאָדאָקסען און ציוניסטען. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז אין דער פּלאַטפאָרם פון דעם פּ. י. וו. ק. כּמעט פערשוויגען געוואָרען. די אונפּאַרטייאיש-דעמאָקראַטישע עלעמענטען האָבען דעריבער בעשלאָסען צו רעאַגירען דערויף און לויט דער איניציאַטיוו פון איניגע מיטגלידער פון יודישען ליטעראַטען-און זשורנאַליסטען-פעראיין איז צונויפגערופען געוואָרען אַן אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון דעם פעראיין, וועלכע האָט אָנגענומען אַ בעשלוס צו שטעלען דעם „פעראייניגטען יודישען וואַהל-קאָמיטעט" 2 פאָדערונגען: 1) די אויסגעוועהלטע ראַטמענער זאָלען פערטיידיגען אין שטאָדט-ראַט די יודיש-נאַציאָנאַלע אינטערסען, און 2) אַז אין דער פעראייניגטער קאַנדידאַטען-ליסטע זאָל אָנגעגעבען ווערען אַ פּלאַץ פאַר אַ קאַנדידאַט פון דער יודישער ליטעראַטור.

אַלס קאַנדידאַט מצד דעם זשורנאַליסטען-און ליטעראַטען-פעראיין איז אָנגעגעבען געוואָרען ה׳ פּ ר י ל ו צ ק י. צופיהרען די אונטערהאַנדלונגען זענען אויסגעוועהלט געוואָרען ה׳ שאַלקאָוויטש און ה׳ נאָמבערג.

בעגעגנענדיג אין „פעראייניגטען יודישען וואַהל-קאָמיטעט" אַן׳אָפּאָזיציע צו די ביידע דערמאָהנטע פאָדערונגען, איז אין די היגע יודישע דעמאָקראַטישע קרייזען ענטשטאַנען די אידעע צו-

שאַפען אַ יודיש-דעמאָקראַטישען וואַהל-קאָמיטעט, וועלכער זאָל אַרויס אין דער יודישער גאַס מיט אַ קלאָר בעשטימטען נאַציאָנאַלען פּראָגראַם און גיהן זעלבסטשטענדיג צו די וואַהלען. פון פערשידענע זייטען פון לעהרער-פעראיין, האַנדווערקער-פעראיין, זשורנאַליסטען-פעראיין האָט מען זיך געווענדעט צו פּרילוצקי'ן, ער זאָל נעהמען אויף זיך די איניציאַטיוו צו שאַפען דעם געפּלאַנטען קאָמיטעט. פערזיכערנדיג די אונטערשטיצונג פון אַלע דעמאָקראַטישע עלעמענטען און פון די צוויי פּאָפּולערסטע יודישע צייטונגען: „דער מאָמענט" און וואַרשאַווער טאַגבלאַט" — האָט ה' פּרילוצקי די איניציאַטיוו אויף זיך גענומען, און אין נאָמען פון יודישען ליטעראַטען און זשורנאַליסטען איז דערלאַנגט געוואָרען אַ ביטע צו דער מאַכט וועגען לעגאַליזירען דעם נייעם וואַהל-קאָמיטעט. די ביטע האָבען אונטערגעשריבען: דער פערשטאָרבענער דינעזאָהן, אַלס פּאָרזיצענדער פון פעראיין, און ה' פּרילוצקי — אַלס סעקרעטאַר פון פעראיין.

דער קאָמיטעט איז לעגאַליזירט געוואָרען און ס'האָט זיך צופּלאַקערט אַ העפטיגער קאַמף צווישען אַ קליינעם הייפעלע יודישע דעמאָקראַטען מיט נח פּרילוצקי'ן אין דער שפּיץ און דעם פעראייניגטען יודישען וואַהל-קאָמיטעט, אַרום וועלכען ס'האָבען זיך קאָנצענטרירט די רייכסטע יודישע פּאַרטייען אין פּוילען.

דערווייל איז דער פעראייניגטער וואַהל-קאָמיטעט בעגאַנגען דעם טר. יעריג-בעריהמטען סקאַנדאַל מיט דער קאָנסאָלידאַציע. לויט אַנ'אָבמאַך מיט די פּוילישע פּאַרטייען, האָט דער דאָזיגער קאָמיטעט זיך גערנווילליג אָבגעזאָגט פון מעהר ווי אַ העלפט יודישע מאַנדאַטען, כאָטש ער האָט זיי געהאַט די מעגליכקייט דורכצופיהרען. דער יודישער דעמאָקראַטישער וואַהל-קאָמיטעט איז אַלזאָ געשטאַנען פאַר אַ פאַקט, אַז ער האָט פערשפּעטיגט די ערשטע 5 קוריערס און ער האָט דעריבער אַרויסגעשטעלט אַ קאַנדידאַטען-ליסטע בלויז צו דער 6-טער קוריע.

דער נצחון פון דעם יודיש-דעמאָקראַטישען וואַהל-קאָמיטעט איז געווען פּשוט אַנ'ערשטוינענדער.

נח'ס נאָמען איז מיט אַמאָל אומגעהויער אויסגעוואַקסען. פאַר

קיינעם איז קיין סוד נישט געווען, אַז די ליסטע פֿון יודיש-דעמאָקראַטישען וואַהל-קאָמיטעט האָט אָבגעהאַלטען אַזאַ קאָלאָסאַלען נצחון נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס פּרילוצקי האָט פֿיגורירט אויף איהר.

אָבער אַ שווערען איבערליכען און אויסערליכען קאַמף איז פּרילוצקי'ן אויסגעקומען דורכצומאַכען אין שטאָדט-ראַט. פֿון איין זייט האָבען איהם די ראַטמענער פֿון דעם פֿעראייניגטען קאָמיטעט באָיקאָטירט דערפֿאַר, וואָס ער האָט באַלד אויף די ערשטע זיצונגען פֿון שטאָדט-ראַט קלאָר און אָפֿען אַוועקגעשטעלט די יודיש-נאַציאָנאַלע פּאָסטולאַטען, ווי נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע, אַ יודישע שולע מיט יודיש אַלס אונטעררישטס-שפּראַך אז"וו. אַזאַ דרייסטקייט האָט איינפֿאַך געשראָקען די פּחדני'שע ראַטמענער פֿון פֿעראייניגטען יודישען וואַהל-קאָמיטעט, וועלכע האָבען געהאַט בעשלאָסען אינגאַנצען נישט צו בעריהרען די יודישע פֿראַגע אין שטאָדט-ראַט, כּדי נישט אויפֿצורעגען, חס ותלילה, די „פּריצים"...

און פֿון דער צווייטער זייט האָבען אויך די פּוילישע ראַטמענער נישט געקאָנט מוחל זיין פּרילוצקי'ן זיין „חוצפּה", זיין יודישען מוט אַרויסצוטרעטען מיט אַזעלכע „אונערהערטע" פֿאָדערונגען, ווי נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע. זיי האָבען איהם דעריבער שיקאַנירט און טעראָריזירט אויף יעדען שריט און טריט.

דעם ענערגישען פּרילוצקי'ן האָט דאָס אַלץ אָבער נישט אָבגעשראָקען. אַדאַנק זיין גלענצענדען רעדנער-טאַלענט, זיין עקשנות, און פֿעסטקייט, האָט ער ביסלעכווייז געבראַכט דערצו, אַז סיי זיינע יודישע, סיי זיינע פּוילישע שונאים האָבען זיך אָנגעהויבען שטאַרק צו רעכנען מיט איהם אַזוי, אַז ער האָט זיי געצווונגען איהם אויסצוהערען.

אונגעפֿער 80 רעדעס האָט פּרילוצקי געהאַלטען אין שטאָדט-ראַט, און דער גרעסטער טייל פֿון זיי זענען אמת'ע מייסטערווערק פֿון רעדנערקונסט און קאַמפּס טעמפּעראַמענט. זיינע אַרויסטרעטונגען אין שטאָדט-ראַט האָט איהם אויפֿגעהויבען צו דער מדרגה פֿון דעם פּאָפּולערסטען מענשען אין פּוילען און בעליבסטען פֿאָלקס-טהוער.

קורץ נאָך די וואַהלען צום שטאָדט-ראַט האָט פּרילוצקי געגרינדעט די יודישע פאָלקס-פּאַרטיי און געוואָרען איהר פאָרזיצער און פיהרער. צו פּאָפּולאַריזירען זיין פּאַרטיי האָט ה׳ פּ. געמאַכט אַן אַגיטאַציאָנס-רייזע איבער דער פּראָווינץ, וואו ער איז אַרויסגעטרעטען אויף מיטינגען און איבעראַל געהאַט אַן אונגעהויערען ערפאָלג.

אין דערזעלבער צייט האָט ער אויך אָנגעשריבען א גרויסען מעמאָריאַל געגען דעם דייטשען סטאַטוט פון 1-טען נאָוועמבער 1916 וועגען אָרגאַניזירען די יודישע קהלות, און האָט אָרגאַניזירט אַ גראַנדיעזען מיטינג געגען דעם צוואַנגס-זונטאָג-רוה.

אין זומער 1918 איז פּרילוצקי אויס-עוועהלט געוואָרען אין מלוכה-ראַט. אויך דאָ האָט ער מוטיג און אונערשראָקען פערטיידיגט דאָס יודישע פּראָגראַם און זיינע רעדעס זענען אויסגעהערט געוואָרען מיט דער גרעסטער אויפמערזאַמקייט. ער איז אויך אַרויסגעטרעטען אין אַלגעמיינע מלוכה-ענינים, און זיין גרויסע רעדע געגען שאַפען אַ פּוילישע אַרמעע איז זעהר געריהמט געוואָרען פון דער פּוילישער פּרעסע אַלס מוסטער פון רעדנער-קונסט און פּאָליטישער אָריענטאַציע.

גלייכצייטיג מיט דער קאָכעדיגער פּאָליטישער אַרבייט איז דער אַלזייטיגער פּרילוצקי אויך טעטיג געווען אויף׳ן געביט פון דער זשורנאַליסטיק און יודישע פאָרשונגען. אויסער אַ גאַנצע סעריע אַרטיקלען אין „מאָמענט” אונטערן ציקעל „**א ו י ף  ד ע ר  ו ו א ך**”, איז אין יאָהר 1917 ערשיענען נח פּרילוצקי׳ס אַ באַנד „**ב אַ ר ג  אַ ר ו י ף**” (אַרטיקלען און עטיודען וועגען נאַציאָנאַלע פּראַגען), די ערשטע העלפט פון 2-טען באַנד „**נ ח  פּ ר י ל ו צ ק י ׳ ס  ז אַ מ ע ל ב י כ ע ר**” פאַר יודישען פאָלקלאָר און קולטור-געשיכטע און די 1-טע העלפט פון 1-טען באַנד „**ד ע ר  י ו ד י ש ע ר  ק אָ נ ס ו נ אַ נ ט י ז ם**”.

דעם 9-טען פעברואַר 1919 איז פּרילוצקי אויסגעוועהלט געוואָרען אַלס דעפּוטאַט אין ערשטען פּוילישען געזעצגעבערישען סיים. דאָס מאָל איז איהם אויסגעקומען צופיהרען אַ שטאַרקען קאַמף מיט די געגנערישע פּאַרטייען, וועלכע האָבען אָנגעווענדעט

קאָלאָסאַלע כּוחות אויף שריפֿטליכער און מונדליכער אַגיטאַציע קעגן דעם מעכטיגן פּאָליטישן קאָנקורענט — פּרילוצקי. נאָר די גאַנצע יידישע גאַס איז ווידער געווען אויף זיין זייט, און ער האָט באַקומען צוויי מאָל אַזוי פֿיל שטימען, ווי זיינע געגנער.

זיינע ערשטע אַרויסטרעטונגען אין סיים האָבן געמאַכט אַ געוואַלדיגן רושם מיט זייער דרייסטן טאָן און זאַכלעכקייט. נאָר זיינע שונאים האָבן אָנגעהויבן גראָבן אונטער אים און האָבן ענדלעך אויסגעפּועלט, אַז מען זאָל פּסל'ענען זיין מאַנדאַט צוליב דעם, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן אַ „פּרעמדער" — אין בערדיטשעוו.

פֿאַר דער קורצער צייט, וואָס ער איז געווען אין סיים, איז ער אויסגעוועהלט געוואָרן אַלס מיטגליעד אין דער פֿינאַנצער סיים-קאָמיסיע. זיין טעטיגקייט אין דער קאָמיסיע איז געווען אַזוי פּראָדוקטיוו און נוציג, אַז זאָגאַר נאָכ'ן אויסשליסן אים פֿון סיים איז ער איינגעלאַדן געוואָרן אַלס עקספּערט אין דער קאָמיסיע.

מיט'ן אויסשליסן פּרילוצקי'ן פֿון סיים ענדיגט זיך אַ שטיק געשיכטע פֿון זיין אומגעהייערליך-פּראָדוקטיווער, פּאָליטיש-געזעלשאַפֿטליכער אַרבייט פֿאַר די 6 בלוטיגע יאָהרן פֿון דעם גרויזאַמען וועלט-קריג.

אָבער אַזעלכע קאָמפּליצירטע נאַטורען קאָנען נישט בלייבן אָן אַ זייט פֿון לעבן. ווילענדיג-נישט-ווילענדיג, ווערן זיי מיטגעריסן מיט די עפּאָכעמאַכענדע געשעהנישן, קירעווען מיט זיי, שטעלן זיך אין דער שפּיץ פֿון די אַרומיגע און שטייגן צו דער מדרגה פֿון פֿיהרער, פֿון העלדען.

שווער זיך פֿאָרצושטעלן וועלכע עס איז ערנסטע באַוועגונג אָדער פּאָליטישע אַרבייט אין פּוילישן יודענטום אין נח פּרילוצקי'ס נאָמען זאָל דערביי נישט אַרויסשווימען, נישט פֿאַרנעהמען דעם ערשטן פּלאַץ!

שוין נאָכ'ן אויסשליסן פֿון סיים, ווען פֿיל, זאָגאַר פּרילוצקיס אַנהענגער, זענען זיכער געווען, אַז עס איז שוין געקומען אַ סוף צו זיין רוהמפֿולער פּאָליטישער טעטיגקייט, יעדענפֿאַלס אויף אַ

לענגערער צייט — איז געקומען דאָס לעבען און געוויזען, אַז אַזעלכע אונערשראָקענע און אונערמידליכע אַרבייטער ווערען נישט דערדריקט פֿון צופֿעליגקייטען, פֿון צייטווייליגע קלעפּ. זיי לעבען איבער די צופֿעליגקייטען, און ביי דער ערשטער געלעגענהייט שווימען זיי ווידער אַרויס אויף דער אַרענע.

פּרילוצקי איז איצט אין די סאַמע בליהענדיגסטע יאָהרען. ער האָט נאָך ווייט נישט פֿערצעהרט דעם גאַנצען פֿייער פֿון זיין נשמה, פֿון זיין ברויזענדען טעמפּעראַמענט, און ס'איז דעריבער אָהן צווייפֿעל, אַז נאָך אַ סך, אַ סך האָבען מיר צו ערוואַרטען פֿון איהם אויף אַלע געביטען פֿון זיין אַלזייטיגער טעטיגקייט: אויפֿ'ן געזעלשאַפֿטליכען, ליטעראַרישען, זשורנאַליסטישען און פֿאָרשונגס-געביעט.

אויפֿ'ן געביט פֿון שפּראַך און פֿאָלקלאָר-פֿאָרשונגען, ווי אויך אויפֿ'ן זשורנאַליסטישען געביט קאָן דאָס לעצטע יאָהר גע-חיס פֿערערעכענט ווערען צו די פּרוכטבאַרסטע אין פּרילוצקי'ס לעבען. אין פֿערלויף פֿון דעם יאָהר זענען ערשינען זיינע ביכער: 1-טער באַנד „צום יודישען וואָקאַליזם", אַ באַנד וועגען מענדעלי מוכר ספרים און דער ערשטער באַנד אין פּוילישׁ פֿון זיינע רעדעס אין שטאָדט-ראַט אונטערן נאָמען „מאָווי".

ערשט דרוקען זיך זיינע ביכער: די 2-טע העלפֿט פֿון 1-טען באַנד „נח פּרילוצקיס זאַמעלביכער" פֿאַר'ן יודישען פֿאָלקלאָר און קולטור-געשיכטע, „מאַמע לשון" (אַ באַנד שפּראַך-וויסענשאַפֿטליכע עטיודען), „דאָס געוועט" (דיאַלאָגען וועגען שפּראַך און קולטור), 2 בענדער „אין פּוילען" (צו וועלכע ס'ווערען צוגעגעבען מיינע ביאָגראַפֿישע נאָטיצען). אַ באַנד „רעדעס" (די רעדעס אין שטאָדטראַט, איבערזעצט אין יודיש) און 2 בענדער „יודיש טעאַטער".

ב. חילינאָוויטש.

# 1905.

װאַרשאַ, 9 (22) סעפּטעמבער.

## אַ פֿאַרגעסען ווינקעלע.

(איבער נאַציאָנאַלע דערציִונג).

צו וואָס מיר, יידען, נעמען זיך נישט, וואָס מיר טוען נישט אָף, פֿאַרלירען מיר שטענדיג פֿון די אויגען אונזער ציל און אונזער אָפּגאָב אין זייער גאַנצען צוזאַמענהאַנג, און בעגרענצען זיך מיט איין שמאָל ווינקעלע פֿון דעם נייטיגען אַרבעטפּראָגראַם.

די פֿראַגע וועגען דער נאַציאָנאַלער דערציִונג איז איינע פֿון די וויכטיגסטע פֿראַגען אין אונזער לעבען. און מ׳מוז אָנערקענען, אַז מ׳האָט איר אָפּגעגעבען פֿיל צייט און פֿיל אָרט אין דער יידישער געזעלשאַפֿט און אין דער יידישער פּרעסע.

אָבער אויך אין דעם פֿאַל, ווי איבעראַל, האָבען מיר פֿאַרגעסען אויסצואַרבעטען, ווי געהעריג, אַנ׳אויספֿירליך און ברייט פּראָגראַם וואָס זאָל אַרומנעמען די גאַנצע פֿראַגע, און וואָס זאָל אויסשעפּען אַלע מיטלען, וואָס פֿירען צו דער נאַציאָנאַלער דערציִונג פֿון דער יידישער יוגענד.

פֿון אָנפֿאַנג אָן האָבען מיר זיך בעגרענצט מיט די ד׳אמות פֿון קינדערדערציִונג. מ׳האָט געשריבען און גערעדט נאָר וועגען דער נייטיגקייט צו נאַציאָנאַליזירען די שולע פֿאַר קינדער, מ׳האָט בעשפּראָכען נאָר די מיטלען און די סיסטעמען פֿון קינדערדערציִונג, קריטיקירט די אַלטע הדרים און דערקלערט די נייטיגקייט פֿון נייע. אויך אין דער רעאַלער אַרבעט האָט מען זיך פֿאַרנומען נאָר מיט עלעמענטאַרער דערציִונג, מ׳האָט געעפֿענט חדרים-מתוקנים, ס׳זענען נולד געוואָרען עטליכע פֿערלאַגען, וואָס האָבען אונז געגעבען לערביכער פֿאַר קינדער, און דאָס אין אַ זייער בעגרענצטער צאָל און נישט אין אַלע זייטיגע צווייגען.

ס׳האָט אויסגעזײַ׳ן, ווי דער גאַנצער יונגער דור וואָלט בּע-
שטאַנען בלויז פון קינדער.

מיר האָבּען פאַרגעסען אָן דער יוגענד, וועלכע איז שוין אַרויס
פון די קינדעריאָרען אין ענגען זין פונ׳ם וואָרט, און האָט אַ געּ-
וויס אײַיגען גײַסטיג געשטאַלט און זעלבּסטשטענדיגקײַט. מיר האָבּען
פאַרגעסען אָן די בּחורים און מײַדלען, וועלכע מ׳רופט אַף רוסיש
„פּאָדראָסטקי״, אָדער אַף פּויליש „פּאָדליאָטקי״, — אָן די, וואָס זענען
אין די יאָרען פון אַ מיטעלשול; וואָס האָבּען שוין אײַגענע געדאַנ-
קען, דענקען שוין אַבּיסעל זעלבּסטשטענדיג, אָהן פרעמדער הילף, און
האָבּען שוין געוויסע אונאָפּהענגיגע געפילען, נײַגונגען און אפילו
שטרעבּונגען און סימפּאַטיעס. אָט אָן די האָבּען מיר פאָלקאָמען פאַר-
געסען. אפשר דערפאַר, וואָס מיר זענען גלאַט נאָך אונרײַף, אום
קלאָר און ריכטיג צו פאַרשטײַן אונזער לעבּען, עס איז נאָך אונז ניט
בּעקאַנט דאָס פעלד, אַף וועלכען מיר דאַרפען אַרבּעטען, און אונזע-
רע בּעדערפענישען און אָפּגאַבּען, וועלכע מיר דאַרפען דערפילען,
אָדער אפשר דערפאַר, וואָס די אַרבּעט איז אַבּיסעל פאַרוויקעלט,
אַבּיסעל שווער, אַז דאָ קען מען ניט אָפּקומען מיט אַ נדבה, מיט אַ
חדר-מתוקן, מיט אַ „מדריך הילדים״ אָדער אַנ׳ „אור תורה״.

מיר האָבּען פּשוט נישט בּעמערקט אונזער יוגענד פון די מיטעל-
שוליאָרען. אָדער, וואָס איז נאָך ערגער, מיר האָבּען פאַרמאַכט די
אויגען, זי נישט צו זײַן.

עס ליגט פאַר אונז אַ ווײַכער און גינסטיגער מאַטעריאַל. דאָס
איז ניט קײַן רויער מאַטעריאַל, ווי אַ קלײַן קינד. עס איז אַ מאַטעריאַל,
וואָס האָט שוין אָנגענומען געוויסע, כאָטש נאָך ניט-דײַטליכע פאָר-
מען. ער האָט שוין אַ געוויס זעלבּסטשטענדיגקײַט אין זײַן אַנטוויקלונג.
ער איז, אָבּער, נאָך זער אײַדעל, ער בּעדאַרף נאָך אַ הילף, אַנ׳אײַנ-
פלוס פון דרויסען און גיט זיך מער אָדער ווייניגער לײַכט אונטער-
יעדער שטאַרקער ווירקונג. דער מאַטעריאַל ליגט פאַר אונז, און מיר
זײַען אים נישט, מיר ווילען אים נישט זײַן, מיר האַלטען די הענט
טיף אין די קעשענעס.

אַ חוץ אַ שטיקעל בלאַט פאַר די, וואָס קענען אַבּיסעל העבּרײַ-
איש; אַ חוץ צוויי-דרײַ זשורנאַלעכלעך פאַר דער יוגענד אין דער דײַטשי-
שער און פּוילישער שפּראַך; אַ חוץ צוויי-דרײַ מאָגערע און אָרעמע
לערבּיכלעך אַף העבּרײַאיש, — האָבּען מיר גאָר נישט אָפּגעטון פאַר

אונזער יוגענד, וואָס איז אָפּגעריסען פון דעם יידישען לעבען, וואָס לעבט אין אַ האַלב אָדער גאַנץ פרעמדער ספערע, דערציט און אַנט-וויקעלט זיך אין פרעמדער לופט, אַף אַ פרעמדען באָדען.

איך וויל שוין נישט רעדען וועגען אייגענע שולען,—דאָס איז שוין אַ צו-גרויסער אָפּגאָב. מיר האָבען קיין וואָענטקורסען ניט גע-עפענט, קיין פאָרלעזונגען ניט אָרגאַניזירט, אפילו קיין פראָגראַם פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטבילדונג נישט צוזאַמענגעשטעלט און נישט אַרויסגעגעבען...

מיר זיצען זיך רוהיג, אָבער אַנדערע שלאָפען נישט, און דער טייערער מאַטעריאַל, דער מאַטעריאַל, וואָס האָט אַנ׳אינערליך שייכות מיט אונז, וואָס האָט איינגעבוירענע נייגונגען זיך אויסבילדען אין די פאָרמען, וועלכע מיר וואָלטען אים געוואָלט צוגעבען, אין נאַציאָנאַל-יידישע פאָרמען, — דער מאַטעריאַל פאַלט אַריין אין אַנדערע הענט. אַנדערע קנייטען אים, אַנדערע פינגער געבען אים צו פרעמדע שטאַל-טען, ברעכען די איינגעבוירענע נייגונגען, די בעזונדערע אייגענטימ-ליכקייטען.

אונזער שוליוגענד טרעט אַריין אין פרעמדע פעראיינען פאַר זעלבסטבילדונג, וואו זי לערנט זיך אויס די אַלמענשליכע אידעאַלען אין דער נאַציאָנאַלער פאָרם פון אַנדערע פעלקער. זי בעזוכט פריוואַ-טע קורסען און פאָרלעזונגען איבער דער רוסישער אָדער פוילישער געשיכטע, ליטעראַטור, עקאָנאָמיק א. אַז. וו. ... און די פרישע און בליענדיגע קרעפטען, די כוחות, וואָס שטייען אַף דער שוועל פון רייף-ווערען, וואָס דאַרפען אין דער נאָהענטער צוקונפט אַריינטרעטען אין לעבען, אַרויסגייען אַף דאָס גרויסע פעלד פון געזעלשאַפטליכער און פאָלקסנוצליכער אַרבעט, — די קרעפטען, וועלכע עס פעלען אונז אַזוי, נאָך וועלכע מיר בענקען, נאָך וועלכע מיר וויינען, די קרעפ-טען גייען פאַר אונז פאַרלוירען. פרעמדע כוהנים פאַר׳כשופ׳ן זייער האַרץ — און זיי דינען פרעמדע געטער, היטען פרעמדע גערטנער...

ווייטער טאָר עס אַזוי ניט בלייבען. עס איז אַ נאַציאָנאַל פאַר-ברעכען. אַ שטעמפּעל פון פוילע עגאָיסטען און פון פוסטע פראַזערען טראָגען אַף זיך די, וואָס רעדען וועגען נאַציאָנאַלער אַרבעט, וועגען נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וועגען נאַציאָנאַלער דערציִונג און טונקען ניט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער אָפּצוטון עפּעס פראַקטיש.

עס מוז זיך—און וואָס גיכער, איז צו בעסער, — אָנהייבען אַ

בריִיטע און פלאַנמעסיִגע אַרבעס פון נאַציאָנאַלער דערציִונג. מ'מוז אויסנוצען אַלע מיִטלען, וואָס זענען איִן אונזערע הענט און איִן אונזערע קרעפטען; אַלע פאַרהעלטעניִשען, וואָס עס שטעלט פאָר די ציַיט און דאָס געזעלשאַפטליִכע לעבען.—

---

עס איִז געוועזען אָנגענעם צו לייענען אַ קליינע מודעה פון פּעטערבורג. די „חובבי-שפת-עבר" איִן דער שטאָדט האָבען געעפענט באַ זייער חדר-מתוקן אָווענטשטונדען פאַר תלמידים פון מיִטעלשולען.

דאָס איִז אַנ'אָנהייב פון אַרבעט.

אַלע חדרים-מתוקנים דאַרפען נאָכטון דעם גוטען בייִשפּיִל. אָווענטשטונדען, קורסען, פאָרלעזונגען, לעקציעס, רעפעראַטען מוזען איינגעאָרדנעט ווערען פאַר יונגעלייט וועגען העברייִאיִשער שפּראַך, יידיִשער געשיִכטע, ליִטעראַטור, קונסט, עקאָנאָמיע און פּאָליִטיִק.

בעזונדערס מאַך איִך אָפּמערקזאַם דעראָף די ציוֹניִסטיִשע און גלאַט- נאַציאָנאַל-געזאָנענע ספערען פון דער פּויליִש-יידיִשער געזעלשאַפט. די פּוילִיש-יידיִשע שטודיִרענדיגע יוגענד איִז בעזונדערס פרעמד פון דעם יידיִשען פאָלק. דאָס לעצטע יאָר האָט זיך איִן איִר דערוועקט אַ געוויִסע נאַציאָנאַלע בעוועגונג. עס איִז ניִשט דאָס אָרט איִן דעם אַרטיִקעל צו בעריִרען די סבות פון דעם, איִך דערמאָן נאָר אַ פאַקט, אַז פיִל, זער פיִל שילער, וואָס זענען ביִז דאָס לעצטע יאָר געוועזען אַסימיִליִרט, אָדער בכלל גלייכגילטיִג, האָבען דערפילט אַ בעדערפעניש זיך צונעהנטערען צום יידיִשען פאָלק, זיך בעקענען מיִט איִם און זיך אַליין צו דערקענען, אַלס יידען. איִך שטיי גראָד נאָהענט אָט צו די ספערען, און צו מיִר זעלבסט האָבען זיך געווענדט צענדליגער יונגעלייט מיִט אַ פראַגע: „וואו קען מען זיך בעקענען מיִט דעם יודענטום?" און מיִט אַ ביִטע: „מאַכט פאַר אונז פאָרלעזונגען איִבער דאָס יידיִשע פאָלק, איִבער זיין פאַרגאַנגענהייט און געגענוואַרט".

פּויליִש-נאַציאָנאַלע כללטוערס, כאַפּט זיך אָף! גיִט ברויט די הונגעריִגע!

„דער וועג", 1905 № 33.

ווארשא, 23 סעפטעמבר (6 אקטאבר).

# די עלענטע.

די יידישע יוגענד אין די מיטעלשולען פון פוילען לעבט-איבער א שווערע און טרויעריגע מינוט.

אכט מאנאט צוריק האבען אלע פוילישע שילער אין די מיטעל-שולען אפגעהערט צו בעזוכען די לעקציעס. זיי האבען ארויסגע-שטעלט די פאדערונג פון אב׳אייגענער נאציאנאלער שולע, און אט די פאדערונג האבען זיי אונטערגעשטיצט מיט דעם, וואס זיי זענען אפ-געשטאנען פון די בענק און פארלאזען די אלטע שולע.

עטליכע צענדליגג טויזענט יונגעלייט און קינדער האבען זיך אפ-געהויבען ווי איין מענש — אין איין טאג, אפילו אין איין מינוט. יא-רען האבען זיי זיך געגרייט צו דעם מאמענט. מ׳האט איבער זיי ענער-גיש געארבעט אין דער משפחה און אין דער געזעלשאפט, זיי זענען געווען צוזאמענגעבונדען אין א פעסטע פאראייניגונג, און יעדערער האט געוואוסט, וואס ער וויל.

די יידען זענען זיך געזעסען רוהיג. קיינער האט זיי נישט גע-וועקט, קיינער האט זיי נישט גערירט, קיינער האט זיך מיט זיי נישט פארנומען. לעבען זיי האבען זייערע פוילישע חברים געבויט זייער נאציאנאלע אונטערנעמונג, און זיי האבען פון גארנישט געוואוסט. און אז דער שטרייק איז אויסגעבראכען, איז ער געקומען אף זיי ווי א שנייי אין זומער, ווי א דונער בא א לויטערען הימעל.

זיי האבען נישט געוואוסט, וואס צו טון, ווי זיך צו האלטען. זיי זענען פשוט נישט געווען צוגעגרייט צו אזא מין שמחה. פאר יעדען איז געשטאנען די שווערע פראגע: ווי דארף ער זיך בעציען

צו דעם שטרייק! — און יעדער האָט געמוזט זי לעזען — בעזונדער, ווייל ער איז נישט געווען צוזאַמענגעבונדען מיט זיינע חברים, ווייל ס'האָט נישט עקזיסטירט קיין פאַראייניגונג פון דער יידישער שטודירענדיגער יוגענד. און שווער איז געווען צו ענטפערן אַף די פראַגע, ווייל קיינער כמעט האָט נישט געהאַט קיין פעסטען שטאַנדפונקט, פון וועלכען ער זאָל אַרויסגיין, בעטראַכטענדיג די לאַגע. עטליכע פוילישע אַסימילאַטאָרען האָבען געהאַט אַ גרייטען ענטפער, וואָס איז שוין פון לאַנג איינגעוואָרצעלט אין זייער שקלאַווישער פסיכאָלאָגיע: טאַנצען נאָכ'ן פרעמדען פייפעל. — עטליכע הייסע קעפּ, וואָס דאַרפען נישט דענקען, וואָס האָבען ליב יעדע בעוועגונג, האָבען גאָרנישט בעדאַרפט טראַכטען אַף צו געפינען אַן ענטפער. און די איבריגע האָבען נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטען: די געשיכטע איז פאָרגעקומען אַזוי שנעל. זיי זענען געווען אין דעם מיעוט. בעזונדער די שולען האָט זיי נישט געלאָזט די איידעלקייט: זיי האָבען נישט געקענט שטערען זייערע פוילישע חברים, — זיי זענען צוגעשטאַנען צום שטרייק.

און ביטער איז זיי געווען אַפ'ן האַרצען. זיי האָבען נישט געוואוסט, צו וואָס זיי שטרייקען, וואָס זיי פאָדערן... אָבער ביסלעכווייס האָט זיי אָנגעהויבען צו ווערען קלאָר, אַז זיי פאָדערן אַ פוילישע שולע. זיי האָבען געוויס גאָרנישט געקענט האָבען אקעגען דעם, די פּאָליאַקען זאָלען דערגרייכען זייער ציל, אָבער קעמפפען פאַר אַ פרעמדע שולע — דאָס איז זיי גאָרנישט געפעלען. זיי זענען געווען נאַציאָנאַל-גאָזאָנען, און זיי האָבען געפילט, אַז קרבנות ברענגען דאַרף מען נאָר פאַר אַן'אייגענע זאַך, וואָס האָט אַ נאַציאָנאַלע בעדייטונג.

דעמאָלט האָבען דאָ און דאָרט אָנגעהויבען קלינגען פּראָטעסטען. איינצעלנע גרופען האָבען אַרויסגעזאָגט די פאָדערונג, מ'זאָל די גאַנצע פראַגע אַוועקשטעלען אַף אַ מער אַלגעמיינעם באָדען; מ'זאָל דערקלערען, דאָס די שולבעוועגונג גייט אַרויס פון דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ, אַז יעדע נאַציע האָט דאָס רעכט אַף פרייע קולטורעלע אַנטוויקלונג; און ביי דעם אַרויסשטעלען פּראַקטישע פאָדערונגען זאָל מען נישט פאַרגעסען אָן די יידען אויך.

דער פוילישער פאַראייניגונג איז דאָס נישט געפעלען. זי האָט זער גערן אויסגענוצט די יידישע כוחות פאַר אירע ספּעציעלע צילען, אָבער אָנערקענען פאַר די יידען די זעלביגע רעכט, וועלכע זי פאָדערט

פאַר זיך, האָט זי ניט געפונען פאַר נייטיג. זי האָט זיך דערלויבט
צו רעדען אין נאָמען פון אַלע שילער, ד. ה. אין נאָמען פון די יי-
דען אויך, אָבער האָט ענערגיש ניט אָנגענומען אַלע פאָדערונגען פון
די יידען, מ׳זאָל זיי לאָזען ווילען אייגענע פאָרשטייער אין דעם
צענטער פון דער פאַראייניגונג, וועלכע טרעט אַרויס אין זייער נאָמען.
זי האָט זיך אויסגעקריצט אַף דעם שטערן דעם שטעמפעל „פראָ-
גרעסיוו", און האָט זיך ניט געשעמט צו אונטערדריקען די יידישע
פראָטעסטען, אָפזאָגען די יידישע פאָדערונגען, פאַרשטיקען זייער קול,—
די געזעלשאַפט זאָל גאָרניט וויסען וועגען דער ריכטיגער שטימונג,
וואָס הערשט צווישען דער יידישער יוגענד, און זאָל בלייבען אין טעות,
אַז די יידען גייט נאָר אין דעם, זיי זאָלען בעקומען דאָס גליק צו
קענען אַסימילירט ווערען אין פוילישע שולען, און ניט אין רוסישע...

דעמאָלט האָבען די יידען פראָבירט צו שאַפען אַן׳אייגענע פאַר-
אייניגונג. עס איז זיי ניט געראָטען [1]). זיי האָבען געהאַט אין זיך
צו ווייניג קרעפטען. זייערע נאַציאָנאַלע איבערצייגונגען זענען נאָך
ניט געווען אינגאַנצען רייף. זיי זענען נאָך געווען צו שוואַך, אום
צו קעמפפען מיט די אַלע מניעות, וואָס זענען געשטאַנען אַף זייער
וועג. די יידישע געזעלשאַפט האָט זיך בעצויגען צו זיי מיט אַ שרעק-
ליכער גלייכגילטיגקייט. קיינער איז זיי ניט געקומען צו הילף. עס
האָבען זיך אַריינגעכאַפט אין די פאַראייניגונג עטליכע פאַרשטעלטע
אַסימילאַטאָרען, און האָבען זי פאַר׳סמ׳ט. זי איז אונטערגעגאַנגען...

איצט איז צווישען די פאָליאַקען אויך ניט דאָ קיין איינשטי-
מיגקייט. אייניגע בעזוכען די שולע, און אַנדערע ניט. אָבער ערגער
איז די לאַגע פון די יידישע שילער. זיי ווייסען ניט, וואָס צו טון:
גיין? צו ניט גיין? — און האָבען ניט קיין שום שטאַנדפונקט, פון
וועלכען זיי זאָלען קענען לייזען די פראַגע. זיי ווייסען ניט: פאַר
וואָס האָבען זיי געקעמפפט, אומשטיינסגעזאָגט? וואָס האָבען זיי גע-
וואָלט? צו וואָס האָבען זיי געשטרייקט? נאָך וואָס האָבען זיי אַ יאָר
פאַרלוירען?

אייניגע גייען, אַנדערע האַלטען זיך אָף. און די און יענע איז

[1]) זײַ מײַן ארטיקעל „אָביקנאָווענאיא היסטאָריא" אין „יעװר. װשיזן", 1905,
נ׳ 26. —

ביטער אַף דער נשמה. נישט די, נישט יענע ווייסען, פאַר וואָס זיי־
טוען אַזוי און נישט אַנדערש.

יונגע איידעלע נשמות דאַרפען שוין איבערלעבען אַזעלכע שווע־
רע מינוטען. אַזעלכע מינוטען גייען נישט איבער אומזיסט. זיי קענען
צוברעכען אַ מענשען. נישט איין יונגער מוח איז דורך די טרויעריגע
געשיכטע פאַר׳סמ׳ט געוואָרען מיט דעם גיפט פון יאוש. מיר, יידען,
לעבען שטענדיג אין שווערע תנאים. פאַר אונז, יידען, שטעלט דאָס
לעבען עפטער, ווי פאַר אַנדערע, פאַרשידענע פאַרוויקעלטע פראַגען,
אַף וועלכע עס איז זער, אָ, זער שווער צו געפונען אַ ריכטיגען
ענטפער. און, דאַכט זיך, אַז מיר וואָלטען בעדאַרפט זיין נישט אַזוי
לייכטזיניג, מיר וואָלטען בעדאַרפט זיין שטענדיג גרייט, שטענדיג
פאַראייניגט...

אָבער אין דער ווירקליכקייט איז אַלץ פאַרקערט. אַלע שווערע
פראַגען קומען אַף אונז פלוצליננ, — אומגעוואַרט.

איך וויל שוין נישט פרעגען, פאַרוואָס אונזער יוגענד איז נישט
געוועזען פ אָ ר ו י ס צוגעגרייט צו דער פראַגע, צו דער שולפראַגע.

פאַרוואָס האָט זי נישט געהאַט קיין באָדען אונטער די פיס?—
דאָס וויל איך פרעגען. — זי זאָל כאָטש געוועזען שטיין עפּעס אַף אַ
פעסטען באָדען, וואָלט איר פאָרט לייכטער געוועזען צו געפינען אַנ׳־
ענטפער.

---

די שולד פאַר אָט די אַלע ליידען, וואָס אונזער עלענטע שול־
יוגענד אין פוילען האָט געמוזט איבערלעבען; די שולד פאַר אָט די
אַלע אומזיסטיגע און נאַרישע קרבנות — פאַלט אַף אונז אַלע, וואָס
מיר רופען זיך יידישע כללטוערס. ברייטע מיילער האָבען מיר אַלע,
אָבער די הענט זענען בּאַ אונז אַלע ווי געלייִמטע...

אָרימע יוגענד, וואָס דאַרף, נעבעך, אָנקומען צו אַזעלכע כלל־
טוערס....

„דער וועג״, 1905, № 44

װאַרשאַ, 28 סעפּטעמבער (11 אָקטאָבער).

## אַ פֿאַרזאַמלונג אין װאַרשעװער אוניװערזיטעט.

װי בעװאוסט, איז פֿאָריגען שבת [1]) אין היגען אוניװערזיטעט אָפּגעהאַלטען געװאָרען אַ דערלױבטע אַלגעמײנע סטודענטען־פֿאַרזאַמלונג — „סחאָדקע“, װי מ׳רופֿט זי אַף רוסיש, אָדער „װעץ“ — אַף פּױליש.

יעדע פֿאַרזאַמלונג מוז האָבען אירע רײַבונגען. אױך דער „װעץ“ האָט געהאַט זײַנע. מער װי 5 שעה האָט אַװעקגענומען די פֿראַגע װעגען די אָרגאַניזאַטאָרען פֿון דעם „װעץ“. עס זענען געװען 6 פֿאַרשױן, װעלכע קײנער פֿון די סטודענטען האָט נישט געקענט, װעלכע קײנער האָט נישט געװײלט, און װעלכע האָבען זיך פֿראַנק־און־פֿרײַ דערלױבט צו רעדען מיט דעם רעקטאָר אין נאָמען פֿון אַלע סטודענטען. מ׳האָט זײ געגעבען זײער פּסק, און דערמיט האָט זיך די זאַך געענדיגט. אַ שעה־צװײ האָט פֿאַרנומען די פֿראַגע װעגען די פּרישע סטודענטלעך, װאָס זענען געקומען צו דעם „װעץ“ אין שפּאָגעלנײַע קאַשקעטלעך, מיט דער גימנאַזיע־מילך אַף די ליפּען. עס איז בעשלאָסען געװאָרען, אַז זײ האָבען נישט דאָס רעכט אָנטײל צו נעמען אין די אָפּשטימונגען, װײַל זײ זענען אַרײַנגעטרעטען, װען דער אוניװערזיטעט איז געװען געשלאָסען.

דאָס רוב פֿון די סטודענטען, װאָס זענען געקומען צום „װעץ“, האָבען נישט געװאָלט אים אָנערקענען פֿאַר אַזעלכען, װײַל זײ האָבען

---

[1]) דעם 7־טען אָקטאָבער נ. סט.

זיך געפונען בעלײדיגט דורך דעם, וואָס ער איז אָרגאַניזירט געוואָרען דורך די 6 סטודענטען, אָהן זײער וויסען און אָהן זײער הסכמה. קײן שום דעבאַטען, קײן שום ויכּוחים האָבען זײ נישט געוואָלט אָנהײבען. פונדעסטוועגען האָט אײנער פאָרגעלעגט, אַז דער „וועץ" זאָל אָהן ויכּוחים אָננעמען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער ער זאָל אויסדריקען, אַז זײן בעציִונג צו דער פראַגע: צו גײן, צו נישט גײן אין אוני-ווערזיטעט? — בלײבט די אײגענע, ווי אין פאָריגען יאָר, דאָס הײסט — נישט גײן. די מעשה איז געווען אַביסעל נישט לאָגיש. אײנס פון די בײדע: איז דאָס ניט קײן „וועץ", קען מען דאָך קײן שום רעזאָ-לוציעס נישט אָננעמען; נעמט מען אָן עפּעס אַ רעזאָלוציע, איז דאָס דאָך אַ „וועץ"! פאַרוואָס-זשע זאָל מען זיך טאַקי נישט דורכרעדען אַ ביסעל וועגען די טעמים, אַף וועלכע מ'נעמט אָן די און נישט יענע בעציִונג צו דער פראַגע? — די פּױלישע רעדנער האָבען, אָבער, גע-האַלטען שטאָל-און-אײַזען פאַר אַ רעזאָלוציע אָהן ויכּוחים. דעם יי-דישען רעדנער איז דאָס אַביסעל געווען קשה. עס האָט זיך אין אים דערוועקט אַ חשד: וואָס מײנט מען מיט דעם אײַלעניש? צו בע-האַלט זיך דאָ נישט עפּעס אַ מין? און ער האָט גאָרנישט בעדאַרפט לאַנג זוכען, צו געפינען דעם מין, און דעמאָלט איז אים אַלעס גע-וואָרען קלאָר...

ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט דער רעדנער — געדענקט ער, אַז אין פאָריגען יאָר האָבען זיך די וואַרשעווער סטודענטען צוטײלט אַף צוויי גרויסע גרופּען. אין אײנע איז אַרײַנגעגאַנגען די פּױלישע „פּראָגרעסיווע" פאַראײניגונג „ווספּוּיניאַ", די יידישע פאַראײניגונג „לאָנטש-נאָסץ", דער ציוניסטישער פערבאַנד „קדימה" און דער רוסישער פּראָ-גרעסיווער פערבאַנד „ווּפּעריאָד". די אַנדערע גרופּע האָט געבילדעט די פאַראײניגונג „בראַטניאַ-פּאָמאָץ", וואָס בעשטײט פון פּױלישע נאַ-ראָדאָווע דעמאָקראַטען".

די „פּראָגרעסיווע" גרופּע האָט זיך דאַן צוזאַמענגענומען אין אוניווערזיטעט אַף אַ „וועץ" און האָט אויסגעאַרבעט ברײטע רעזאָלוצ-יעס, וואָס האָבען געטראָגען אַן אַלגעמײנעם כאַראַקטער:

1) אין אײנער האָט זי אויסגעדריקט איר בעציִונג צו דער אַלגעמײנער פרײַהײטסבעוועגונג;

2) אין דער צווײטער האָט זי געפאָדערט, אַז פאַר יעדער נאַציִע זאָל אָנערקענט ווערען דאָס רעכט אַף זעלבסטבעשטימונג

3) אין דער דריטער האָט זי געגוי אויסגעדריקט, אַז די שולע זאָל אָרגאַניזירט ווערען אַף דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ, ד. ה. אַז יעדע נאַציע, וועלכע עס פאַרלאַנגט עס, זאָל האָבען דאָס רעכט צו בע-קומען אַ נידעריגע, מיטעלע און העכערע שולע אין איר שפּראַך, מיט איר אַדמיניסטראַציע און מיט איר נאַציאָנאַלען פּראָגראַם. — אַף דעם „ווען“ האָבען אַלע רעדנער אונטערגעשטריכען, אַז דער פּונקט נעמט אַרום אַלע נאַציעס: סיי פּאָליאַקען, סיי יידען.

די צווייטע גרופּע, די נאַציאָנאַליסטישע, האָט אַרויסגעשטעלט אירע פאָדערונגען און האָט זיי אויסגעדריקט אין אַ פּעטיציע, וועלכע זי האָט דעמאָלט דערלאַנגט דעם „פּאָפּעטשיטעל“. אירע פאָדערונגען זענען געווען ריין-פּויליש, זי האָט געפאָדערט, דער וואַרשעווער אוניווערזיטעט זאָל בעקומען אַ פּויליש ען כאַראַקטער.

איצט, אַף דעם שבת׳דיגען „ווען“, זענען געווען ביידע גרופּען.

ווען די פּוילישע רעדנער האָבען גערעדט, אַז מען דאַרף אָנ-נעמען דיזעלבע בעציהונג צום אוניווערזיטעט, ווי אין פאָריגען יאָר, כדי צו שטיצען די פאָדערונגען, וועלכע זענען פאַר-אַ-יאָר אַרויסגע-שטעלט געוואָרען, איז דעם יידישען רעדנער נישט געווען גאַנץ קלאָר: וועלכע פאָדערונגען מיינט מען איצט? די, וואָס דער „ווען“ האָט דעמאָלט אָנגענומען, צו יענע, וועלכע די „נאַראָ-דאָווע דעמאָקראַטען“ האָבען בעזונדער אין זייער „פּעטיציע“ אויסגע-דריקט? — און עס האָט איהם זער געוואונדערט, וואָס נישט די „פּראָ-גרעסיווע“ פּאָליאַקען, נישט זייערע געגנער פאָדערן נישט קיין דער-קלערונג.

עס האָט זיך אַנטדעקט, אַז ביידע פּוילישע פּאַרטייען האָבען זיך פאַראייניגט. נאָך פאַר דעם „ווען“ האָבען זיי געמאַכט אַזאַ מין פּשרה: זיי האָבען צוזאַמענגענייט די רעזאָלוציע פון דעם פאַריאָריגען „ווען“ מיט דער „פּעטיציע“, און אָט די צוזאַמענגעשטוקעוועטע מגילה האָבען זיי אַרויסגעשטעלט פאַר זייער שותפות׳דיג פּראָגראַם.

ס׳איז אויסגעקומען אַזוי, אַז די פּויליש-נאַציאָנאַליסטישע פאָדע-רונגען פון די „נאַראָדאָוועצעס“ בילדען ווי אַ פּירוש צו דער רעזאָלוציע פון דעם אַלגעמיינעם „ווען“. די רעזאָלוציע שטעלט אַרויס דעם פּרינ-ציפּ, אַז יעדע נאַציע זאָל בעקומען אירע שולען, ווען זי פאַר-לאַנגט עס, און דער נייער פּירוש זאָגט, אַז די וואַרשעווער סטודענטען פאָדערן אַ פּוילישען אוניווערזיטעט.

דעֶר ייִדישעֶר רעֶדנעֶר האָט געֶוויִס גאָרנישט געֶקעֶנט האָבּעֶן קעֶגעֶן דעֶם, די פּאָליאַקעֶן זאָלעֶן אַרויסשטעֶלעֶן זייעֶרעֶ פּויליִשעֶ פאָדעֶרונגעֶן. עֶר האָט, אָבּעֶר, בשום אופן נישט געֶקעֶנט דעֶרלאָזעֶן, אַז די פּויליִשעֶ פאָדעֶרונגעֶן זאָלעֶן אַרויסגעֶשטעֶלט ווערעֶן איִן נאָמעֶן פון אַלעֶ וואַרשעֶווער סטודעֶנטעֶן. צווישעֶן די סטודעֶנטעֶן געֶפינעֶן זיך אויך ייִדעֶן. די ייִדעֶן קעֶנעֶן פאָדעֶרן נאָר פאַר זיך, און ווי אַ פּרט, למשל, עֶטליכעֶ ייִדישעֶ קאַטעֶדרעֶס איִן וואַרשעֶווער אוניווערזיטעֶט. איִן פאָריגעֶן יאָר זעֶנעֶן זיי אַריינגעֶטרעֶטעֶן איִן אַ פּאַראייניגונג מיט די פּראָגרעֶסיווע פּאָליאַקעֶן: דעֶרפאַר, וואָס די פּאָליאַקעֶן האָבּעֶן זיך מתחייב געֶוועֶן אונטעֶרצושטיצעֶן די ייִדישעֶ פאָדעֶרונגעֶן און גיין מיט די ייִדעֶן האַנט-איִן-האַנט. איצט, אָבּעֶר, האָט זיך די לאַגעֶ איבּעֶרגעֶביטעֶן. די „פּראָגרעֶסיוועֶ" פּאָליאַקעֶן האָבּעֶן אָנגעֶנומעֶן אַ פּירוש, איִן וועֶלכעֶן זיי שטעֶלעֶן אַרויס נאָר פּויליִשעֶ רעֶאַלעֶ פאָדעֶרונגעֶן. נאַטירליך, האָבּעֶן זיי פאַרלוירעֶן דאָס רעֶכט אַף די הילף פון די ייִדעֶן. זיי קעֶנעֶן צוריקגעֶווינעֶן אָט דאָס רעֶכט, נאָר ווען זיי וועֶלעֶן איִן זייעֶר פּירוש אויך אַריינשטעֶלעֶן די ייִדישעֶ רעֶאַלעֶ פאָדעֶרונגעֶן.

און דעֶר ייִדישעֶר רעֶדנעֶר האָט עֶנעֶרגיש געֶפאָדעֶרט, עֶס זאָל געֶעֶפעֶנט ווערעֶן אַ ויכוח, כדי די ייִדעֶן זאָלעֶן בעֶקומעֶן אַ קלאָרעֶן עֶנטפעֶר.

די פּאָליאַקעֶן האָבּעֶן, אָבּעֶר, בשום אופן נישט מסכים געֶוועֶן צו עֶפעֶנעֶן אַ ויכוח און צו געֶבּעֶן די ייִדעֶן די געֶפאָדעֶרטעֶ דעֶרקלעֶרונג.

בּיידעֶ פּויליִשעֶ פּאַרטייעֶן האָבּעֶן געֶהאַט מורא פאַר אָט דעֶם ויכוח.

די „פּראָגרעֶסיוועֶ" האָבּעֶן געֶוואוסט, אַז דעֶר ויכוח וועֶט זיי אַוועֶקשקעֶלעֶן איִן אַ שווערעֶ לאַגעֶ: וועֶלעֶן זיי נישט מסכים זיין איינצושליסעֶן די ייִדישעֶ פאָדעֶרונגעֶן איִן זייעֶר פּירוש, וועֶלכעֶר אַנטהאַלט די פּויליִשעֶ פאָדעֶרונגעֶן, וועֶט דאָס זיין נישט פּראָגרעֶסיוו; וועֶלעֶן זיי יאָ מסכים זיין, וועֶט זייעֶר פּשרה מיט דעֶר צווייטעֶר פּאַרטיי, דעֶר נאַראָדאָוועֶדעֶמאָקראַטישעֶר, פאָלקאָמעֶן צושטעֶרט ווערעֶן.

די נאַראָדאָווצעֶס, ווידעֶר, האָבּעֶן אויך געֶוואוסט, אַז דעֶר ויכוח איז פאַר זיי אַביסעֶל געֶפעֶרליך: דעֶרפילעֶן די ייִדישעֶ פאָדעֶרונגעֶן האָבּעֶן זיי ניטש געֶוואָלט, דעֶן זיי האָבּעֶן נישט געֶקעֶנט פאָרויס

וויסען, ווי זייערע „פּראָגרעסיווע" חברים וועלען זיך האַלטען, און האָ-
בען אויך געזעה'ן, אַז זייער פשרה איז אין אַ סכנה.

די נעכטיגע שונאים און היינטיגע פריינט האָבען געפונען איין
אויסגאַנג: נישט דערלאָזען בשום אופן צו קיין ויכוח. זיי
האָבען געחלש'ט, געבעטען דעם יידישען רעדנער, ער זאָל זיך אָפּ-
זאָגען פון זיין פאָדערונג. דער פירער פון די „פּראָגרעסיסטען" האָט
איהם געזאָגט: „אונזער פשרה איז נאָך אַזוי יונג, אונזער פאַראייניגונג
מיט די נאַראָדאָווצעס איז נאָך אַזוי שוואַך, אַז איהר קענט זי לייכט
צורייסען".

אפילו די „פּראָגרעסיסטען" האָבען געשטעלט זייער אייניגקייט מיט
די נאַראָדאָווצעס העכער פון די יידישע פאָדערונגען, וועלכע זענען
פאַר די יידען נישט ווייניגער וויכטיג און טייער, ווי די פּוילישע באַ
די פּאָליאַקען. ביידע פּאַרטייען האָבען געפאָדערט, אַז די יידען זאָ-
לען מקריב זיין זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען צוליב דעם שלום
צווישען אָט די צוויי פּוילישע פּאַרטייען. זיי האָבען געפאָדערט אַ קרבן,
וועלכען זיי האָבען מיט גאָרנישט נישט געוואָלט בעלוינען.

דער יידישער רעדנער האָט נישט געקענט נאָכגעבען. ער האָט
פעסט און ענערגיש געפאָדערט די ערקלערונג. ער האָט נישט גע-
וואָלט לאָזען זיך אויסנוצען.

דער „וועץ" איז צוריסען געוואָרען...

קיינער האָט נישט אויסגעפירט.

אָבער די יידען זענען זיך צוגאַנגען מיט אַ טרויעריג געפיל.
זיי האָבען געזעה'ן, אַז מ'האָט אַף זיי געקוקט, ווי אַף פרעמדע,
איבעריגע, וואָס האָבען קיין זכות צו פאָדערן זייערע רעכט; וואָס
שטערען נאָר; וואָס דאַרפען מיט אַ שמייכעל גיין צום מזבח פון פרעמדע
נאַציאָנאַליסטישע אינטערעסען, ווי אַ קרבן, אָדער... אַנטיסעמיטיזם!

לפי-שעה, ווען עס בלאָזען נאָך די פרישע ווינטעלעך פון אַ
פרייהייטסבעוועגונג, ווען דאָס פרילינגסליד איז נאָך אין דער מאָדע,
זאָגט מען נאָך דעם „אָדער" נישט אַרויס.

אָבער מיר—מיר שפירען איהם שוין, מיר פילען איהם, ער קלינגט
נאָך אין אונזערע אויערען פון די ווינטערצייטען, און מיר זעהען איהם
זעהר דייטליך אין דעם נעפּעל פון דעם קומענדיגען זומער...

„דער וועג", 1905, № 46

# 1906.

װאַרשאַ, 19/6 פעבּרואַר.

## װעגען יידישע דעפּוטאַטען פון פּױלען.

די פּױלישע פּרעסע בעהאַנדעלט איצט זער לעבּעדיג די פּראַגע, צו מעג אַ ייד אױך געװײלט װערען פאַר אַ דעפּוטאַט אין „דומאַ“.

ה׳ סטודניצקי אין „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ“ בעװײזט, אַז די פּאָ-ליאַקען דאַרפען דערלאָזען אַ ייד אין דומאַ אַרײן.

זײ זענען אפילו אימשטאַנד אָפּצושטופּען די יידען פון אָנטײל אין דעם רוסישען פּאַרלאַמענט.

די יידען בילדען אין פּױלען אַ מיעוט:

„בּאַ אַ געװיסער סאָלידאַרער טעטיגקײט פון די קריכטען איז מעגליך צו אָפּלײ-נען אַלע יידישע קאַנדידאַטען אין גאַנץ פּױלען“.

ה׳ סטודניצקי איז, אָבּער, געגען דעם, — נישט מחמת ער איז אַ גרױסער בעל-יושר, — נאָר מחמת ער געפינט, אַז דאָס װאָלט געװען שעדליך פאַר די פּױלישע אינטערעסען:

„די יידען זענען 14 % פון דער בעפעלקערונג אין פּױלען. אױך אױסער פּױלען, אין ליטאָ און רוסלאַנד, װאו מיר האָבּען אױך זער װיכטיגע אינטערעסען און קרעפטען, װאױנען מיר צוזאַמען מיט די יידען,“ —

שרײבּט ה׳ סטודניצקי:

„דאָרט, אין ליטאָ און אין רוסלאַנד, איז פאַר אונז אונבּעדינגט נײטיג אַ פּשרה מיט די יידען צוליבּ אַ גאַנצער רײה סבּות. די פאַרשאַרפונג פון די פּױליש-יידישע בּעציונגען אין פּױלען מוז מען אָנערקענען פאַר שעדליך נישט נאָר פאַר פּױלען, — זי װאָלט אַרױסגערופען אַ פאַרשאַרפונג פון די פּױליש-יידישע בּעציונגען אױך אין יענע געגענדען“.

װען די פּאָליאַקען זאָלען נישט האָבּען קײן אינטערעסען אין

ליטאָ און רוסלאַנד, ווען זיי זאָלען נישט דאַרפען אָנקומען צו די יי-
דען דאָרט, הייסט עס, וואָלט יאָ געווען אַ יושר זיי צו בערויבען
און נישט דערלאָזען צו האָבען איינינע פאָרשטייער אין דער רוסלענ-
דישער פאָלקספאַרטרעטונג! ...

גאַנץ אָפענהערציג! ...

ווייטער —

„די ליטווישע יידען האָבען זיך אין משך פון די לעצטע 40 יאָר זער דערוויי-
טערט פון דעם פוילענטום. דאָס שליסט, אָבער, נישט אויס די מעגליכקייט, אין די
קומענדיגע 40 יאָר זאָל ווייטער טענדענץ זיך ווענדען אין אַנ'אַנדער זייט. עס זענען שוין
דאָ סימנים, אַז די ליטווישע יידען קערען-אום צו דעם פוילענטום".

אַלזאָ, זויל ה' סטודניצקי נישט מער, נישט ווייניגער, ווי
מאַכען פון די ליטווישע יידען אַ ווערקצייג אין די הענט פון די פאָ-
ליאַקען קעגען די ליטווינער.

אַ שיינעם דאַנק, ה' סטודניצקי!

עס ווילט זיך אייך ווידערהאָלען די געשיכטע מיט די גאַליצי-
אַנישע יידען, וועלכע דינען די פאָליאַקען קעגען די רוטענער און
האָבען דערפאַר אין די לעצטע שרעקליכע פיינט?

מיר מיינען, אָבער, אַז עס וועט אייך נישט געלונגען. די
רוסלענדישע יידען זענען שוין איבערגעוואַקסען דעם אַלטער, ווען
מ'לאָזט זיך פירען באַ דער נאָז. זיי וועלען נישט וועלען זיין קיין
ווערקצייג אין פרעמדע הענט, שטיין צווישען צוויי פייערן. זיי ווע-
לען נישט דינען נישט די פאָליאַקען, נישט די ליטווינער. זיי וועלען
דינען נאָר זיך זעלבסט. אַ זעלבסטשטענדיגע נאַציאָנאַ-
לע פאָליטיק וועלען זיי פירען, פאַרטיידיגענדיג זייערע אייגע-
נע אינטערעסען.

---

ה' סטודניצקי לעגט-פאָר, אַז וואַרשאָ און לאָדז זאָלען
שיקען אין דומאַ צו איין ייד. דערדאָזיגער דאַרף, אָבער, פאַרטיי-
דיגען די פוילישע נאַציאָנאַלע אינטערעסען.

ה' סטודניצקי דערלויבט די יידישע דעפוטאַטען גנעדיגסט
צו קעמפפען פאַר יידישע גלייכבערעכטיגונג אויך. אָבער וועגען דעם,
אַז די יידישע בעפעלקערונג אין פוילען האָט אויך נאַציאָנאַלע
אינטערעסען, וועלכע דאַרפען פאַרטיידיגט ווערען אין רוסלענדישען

פּאַרלאַמענט, — וועגען דעם פּאַרגעסט ה׳ סטודניצקי. ער זײט נאָר 14 % יידישע אײנוואוינער, — די יידישע נאַציע האָט ער פאַרזײען...

„גאַזעטאַ פּאָלסקאַ״, אין וועלכער ה׳ סטודניצקי׳ס אַרטי־קעל איז געדרוקט געוואָרען, איז נישט אין אַלעם מסכּים צו זײַנע ווער־טער. זי איז שוין פיל פּראָגרעסיווער און ערליכער פון ה׳ סטודניצקי.

זי איז געגען דער מײנונג, דאָס יידישע דעפּוטאַטען דאַרפען געוויילט ווערען נאָר צוליב פּאָליטישע סבות.

זי שרײַבט:

„מיר דענקען אײנפאַך, אַז דער יושר פאָדערט, די יידען, וועלכע בילדען אַן׳אָנגעוויזענעם פּראָצענט אין דער בעפעלקערונג פונ׳ם פּוילישען לאַנד, זאָלען האָבען אַן׳אײגענע פאַרטרעטונג״.

„פּראַצאַ פּאָלסקאַ״ („גאָניעץ״) פּראָטעסטירט שטאַרק קעגען אַזאַ מין אפּיקורסות:

„די פּוילישע עפענטליכע מײנונג האָט נאָך נישט פעסטגעשטעלט (!) ביז איצט, דאָס די יידען אין פּוילען בילדען אַ בעזונדער פאָלק, וועלכעס וואָלט נאָר אין דעם פאַל געהאַט דאָס רעכט אויף אַ בעזונדערע פאַרטרעטונג. די יידען, לויט אונזער מײנונג, בילדען בײַ אונז (!) נישט (?) קײן בעזונדער פאָלק, זײ זענען נאָר (!) אַן׳אָפּגעזונדער־טע ראַסען- און רעליגיע-גרופּע, וועלכע, אַלס אַזעלכע, דאַרף נישט (?) אַרויסשטעלען קײן פּרעטענזיעס (!) אויף אַ בעזונדערע פאַרטרעטונג״.

„פּראַצאַ פּאָלסקאַ״ רעכענט, אַז קײן גרויסע נויטווענדיקײט צו וויילען אַ יידישען דעפּוטאַט איז נישטאָ, — דאָך וואָלט עס געווען נוצליך.

„נאָר שיקען דיזאָזיגע יידישע דעפּוטאַטען דאַרף נישט דאָס פיקטיווע (?) נישט־עקזיסטירענדיגע (? יידישע פאָלק, נאָר דאָס פּוילישע (?) פאָלק, וועלכעס אַנט־האַלט אין זיך פאַרשידענע ראַסען- און רעליגיע-גרופּען״.

און דיזאָזיגע יידישע דעפּוטאַטען מוזען אונבעדינגט זײַן אַסי־מילאַטאָרען און דאַבײַ נישט אַנדערש, ווי נאַראָדאָווע דע־מאָקראַטען...

דאָס הײסט אַן׳אַפּעטיט פון אַ פּוילישען כראַביע!

---

זיס זײט-אויס די יידישע צוקונפט אין פּוילען! נישטאָ וואָס צו זאָגען!

קיין פאַרלאַמענט האָבען מיר, גאָט זיי דאַנק, נאָך נישט, און די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע האָט אונז שוין לעבעדיגערהייט איינגעשלונגען...

אפילו די „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ", וועלכע אָנערקענט אונזער רעכט אַף אַ בעזונדערע פאַרטרעטונג אין פאַרלאַמענט, בעמערקט, אַז אָהן דער שטיצע פון די קריסטען וועלען די פּוילישע יידען נישט קענען דורכפירען אין פאַרלאַמענט קיין איין איינענעם דעפו-טאַט...

און אַף אַזאַ שטיצע האָבען מיר דאָך זער וועניג וואָס צו האָפען...

דאָס בעווייזט אונז גאַנץ קלאָר, אַז נאָר דאַן וועלען מיר קע-נען האָבען איינענע פאָרשטייער אין רוסלענדישען פאַרלאַמענט, ווען די וואַלען וועלען זיין אָרגאַניזירט אין פאָרם פון „נאַציאָנאַלע קוריעס", ד. ה. דאַן, ווען יעדע נאַציע וועט וויילען בעזונדער אַגעוויסע צאָל דעפּוטאַטען, אין פאַרהעלטעניש מיט דעם אָרט, וואָס זי פאַרנעמט אין דער בעפעלקערונג פון לאַנד.

נאָר האָבענדיג אַנ'אייגענע נאַציאָנאַלע קוריע, וועלען די פּוילישע יידען, וועלכע בילדען 14 % אין דער אָרטיגער בעפעלקערונג, זיין אימשטאַנד צו בעקומען אויך 14 % פון די ערטער, וועלכע וועלען בעשטימט ווערען אין רוסלענדישען פאַרלאַמענט פאַר גאַנץ פּוילען שוין צייט דאָס צו פאַרשטיין.

„דער חצני", 1906, № 32

װאַרשאַ, 13 (26) אפּריל.

## צו דער פראַגע װעגען װאַרשעװער אוניװערזיטעט.

אין דער פראַגע זאָגט זיך אַרויס דער בעװאוסטער פּראָפ. באָדוּ-ען-דע-קורטענע אין „נאַשאַ זשיזן”. זײַן אַרטיקעל איז זייער אינטערעסאַנט דורך דעם דעמאָקראַטישען כאַראַקטער. דערבײַ מוז מען װיסען, אַז פּראָפ. באָדוּען-דע-קורטענע איז אַ פּאָליאַק, און אין דער פּױלישער אינטעליגענץ איז גאָרנישט לײַכט צו געפינען אַן׳אמת׳-ען דעמאָקראַט, װאָס זאָל, װירקליך, אינגאַנצען זײַן דורכדרונגען מיט דעם דעמאָקראַטיזם, װעלכען ער דערקלערט פאַר זײַן גאָט. בעזונ-דערס בנוגע צו די ייִדען װײַזען די פּױלישע דעמאָקראַטען זייער אָפט פון אונטער דער דעמאָקראַטישער פעל װאָלפישע אויגען.

איך ברענג דאָס אַרטיקעל װאָרט אין װאָרט.

* *

*

„װי דאַרפען מיר זיך פאָרשטעלען די אײַנאָרדנונג פון׳ם געהאונש-טען פּױלישען אוניװערזיטעט אין װאַרשאָ?

„עס איז קיין ספק נישטאָ, אַז מ׳װעט קענען לײַכט געפינען פאַר אַלע קאַטעדרעס, אַף אַלע פאַקולטעטען, פּראָפעסאָרען, װאָס קענען פּױליש.

„דער רעפאָרמירטער װאַרשעװער אוניװערזיטעט װעט זײַן אַנ-ספּיציעלער קװאַל פון העכערער בילדונג אין פּױלען און פאַר די פּאָליאַ-קען פון גאַנץ רוסלאַנד.

„די הויפּטשפּראַך אין דער אונטעריכטונג וועט זיין די פּוילישע, אָבער די פּריוואַטדאָצענטען מוזען האָבען דאָס רעכט אָפּצוהאַלטען זייערע פאָרלעזונגען אַף וואָס פאַר אַ שפּראַך זיי ווילען. אויסער דעם דאַרפען אַפילו די פּראָפעסאָרען האָבען דאָס רעכט צו בענוצען אַנ'אַנדער שפּראַך אין דער אונטעריכטונג פון אַנדערע שפּראַכען און ליטעראַטורען.

„אין דער אונטעריכטונג פון די וויסענשאַפטען, וואָס זענען בעגרינדעט אַף פּסיכאָלאָגיע און סאָציאָלאָגיע, ד. ה. אין דער אונטעריכטונג פון די וויסענשאַפטען, וואָס געהערען צו דעם היסטאָריש-פילאָלאָגישען און יורידישען פאַקולטעטען, איז נויטווענדיג צו נעמען אין אָבאַכט די פאַרבינדונג צווישען פּוילען מיט דער גאַנצער מלוכה, און אויך דעם פאַקט, אַז דאָס פּוילישע פאָלק לעבט צוזאַמען מיט אַנדערע פעלקער. די סטודענטען דאַרפען בעקומען די מעגליכקייט לערנען צו קענען פון איין זייט די אָרגאַניזאַציע און דאָס לעבען פון דער גאַנצער מלוכה, און פון דער אַנדערער זייט—די שפּראַך, דאָס לעבען און די וועלטאַנשויאונג פון די פעלקער, וועלכע בעוואוינען פּוילען און לעבען צוזאַמען מיט די פּאָליאַקען...“

„אַזאַ שטאַנדפּונקט פאָדערט, עס זאָלען געגרינדעט ווערען פאָלגענדיגע בעזונדערע קאַטעדרען:

„1) פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון דער גאַנצער מלוכה און פאַר דער געזעצגעבונג,

„2) פאַר רוסישע פילאָלאָגיע און ליטעראַטור,

„3) פאַר ליטוויש-לעטישע פילאָלאָגיע און פאָלקלאָר, און

„4) פאַר יידישע פילאָלאָגיע און פאָלקלאָר.

„די לעצטע קאַטעדרע, אָדער בעסער גערעדט, קאַטעדרען, האָבען אין מיינע אויגען אַ בעזונדער-גרויסע וויכטיגקייט. די יידען זענען אַ בעדייטענדער פּראָצענט אין דער בעפעלקערונג פון פּוילען און פון די אַרומיגע געגענדען און שפּילען דאָרט זער אַ וויכטיגע ראָלע, און דאָך בלייבען אי זייער שפּראַך, אי זייער לעבען, אי זייערע אַנשויאונגען עפּעס אַ געהיימניס און אַ רעטעניש פאַר דער איבעריגער בעפעלקערונג.

„ווען די איבעריגע בעפעלקערונג וועט נאָהענטער בעקענען זיך מיט די יידען, וועט דאָס האָבען אַ אונגעהייערע בעדייטונג: עס וועט איינגעשטילט ווערען דער נאַציאָנאַלער האַס, די פעלקער וועלען ווערען

נאָהענטער איינס צום אַנדערן, און עס וועלען בעזייטיגט ווערען די אַנטאַגאָניזמען אַף דעם נאַציאָנאַלען און רעליגיעזען באָדען.

„פאַר פיל לעזער וועט מיין פאָרשלאָג צו לערנען קענען דאָס יודענטום און זאָגאַר דעם „זשאַרגאָן“, אפשר, זיך אויסווייזען מאָדנע און לעכערליך. וואָס־זשע זאָל איך טון! מיט נאַריש לאַכען און מיט פאַרהאַסענדיגער בעציִונג קען מען נישט לעזען קיין היסטאָרישע פראַגען.

„ווייטער, דער וואַרשעווער אוניווערזיטעט דאַרף צוגרייטען פראַקטישע טוער (דאָקטוירים, אדוואָקאַטען, פּאָליטיקער, לערער א. ז. וו.) פאַר גאַנץ פוילען און געוויסערמאַסען זאָגאַר פאַר די אַרומיגע געגענדען. און ווייל דיזאָזיגע פראַקטישע טוער קומט אוים אַמאָל צו אַרבעטען אין ערטער, וואו עס וואוינען צוזאַמען פאַרשידענע פעלקער, דאַרף זיי געגעבען ווערען די מעגליכקייט זיך צוצוגרייטען צו דער קינפטיגער טעטיגקייט דורך דער בעקאַנטשאַפט מיט דער שפּראַך, לעבען און וועלטאָנשויאונג פון דער פאַרשידענפעלקערליכער בעפעלקערונג.

„וואָס אָנבעלאַנגט ספּעציעל די לערער פון די מיטעלשולען, איז דאָ די פראַגע נאָך קלאָרער: דער וואַרשעווער אוניווערזיטעט דאַרף מיט דער הילף פון געהעריג־איינגעאָרדנעטע סעמינאַריען און פראַקטישע אונטערריכטונגען צוגרייטען לערער נישט נאָר פאַר די פוילישע שולען, נאָר אויך פאַר די יידישע, ליטווישע, דייטשישע און רוסישע (אָדער קליינרוסישע) שולען. דאָס פאָדערט די צווישענפעלקערליכע און אינטערנאַציאָנאַלע גערעכטיגקייט.

י. באָדואַן־דע־קורטענע“.

* *
*

דער טאָן פון דעמדאָזיגען אַרטיקעל וועט אודאי נישט געפעלען די הערן אַ־לאַ קעמפנער עט קאָמפּ.

„דער וועג“, 1906, № 82

וואַרשאַ, 19 אפּריל (2 מאי).

## די פּאַרפּוילטע, די אונפּאַרשעמטע.

דער קאַמפּף איז געענדיגט. די נאראָדאָווע-דעמאָקראַטען האָבען אין וואַרשאָ, ווי אויך כמעט אין גאַנץ פּוילען, דערהאַלטען אַ נצחון. די פּראָגרעסיווע עלעמענטען, צוזאַמען מיט די יידען, זענען דורכגעפאַלען.

פאַר אונזערע אויגען שפּילט זיך אָפּ דאָס בעקאַנטע ביּלד, וועלכעס עס פאָלגט נאָך יעדען פאַרביסענעם קאַמפּף, וואו עס שלאָגען זיך צוויי געגענגעזעצטע קרעפטען.

דער בעל-נצחון טריאומפירט. ער טרינקט דעם זיסען נעקטאַר פון צוווינשעווען. סמאָקעט מיט פאַרגניגען יעדעס וואָרט פון די מזל-טוב-טעלעגראַמען, ציט אויס די פאַרמאַטערטע גלידער און גרייט זיך צו דער פאַרדינטער רוה. די היץ און די בעגייסטערונג פון די קאַמפּפ-מינוטען שווימען-אָפּ. דער זיגער נעמט-צוזאַמען זיין געווער. דעם גאַנצען האַס, די גאַנצע ווילדקייט, די מיאוס׳סטע און נידערטרעכטיג-סטע אינסטינקטען, וועלכע ער האָט ביז דער מלחמה געהאַלטען טיף פאַרבאָרגען אין האַרצען און בשעת׳ן קאַמפּף אַרויסגעלאָזען אַף די פרייע לופט אין זייער העסליכסטען געשטאַלט, — זאַפּט ער איין צוריק אין זיך און פאַרבעהאַלט דאָס אַף ווייטער אין די פינסטערע ווינקעלעך פון זיין נשמה. און פון אויבען אַראָפּ, פון דער הייך פון זיין גליק, קוקט ער אַף דעם בעזיגטען, מיט בזיון, מיט אַ שטעכענדיג שמייכע-לע, אין בעוואוסטזיין פון זיין קראַפט און אין אינערליכער פאַראַכטונג צו דעם שוואַכען.

און דער שוואַכער זיצט „על נהרות בבל״, אַף די חורבות פון זיינע האָפנונגען און אויסזיכטען, און אויב ער וויינט נישט, טוט אים

טיף ווי דאָס האַרץ, און עס ציטערט אין אים אַלץ אינעווייניג, ווען ער פילט דעם גרויזאַמען גיפט, מיט וועלכען דער אומריינער שונא האָט אים בעשפריצט פון קאָפּ ביז די פיס, וועלכער איז אַריינגעדרונ-גען אין זיין האַרץ, אין זיין מוח און ברענט אים, ווי הייסע קוילען. און הינטען זיצט ער, אַ דערשלאָגענער, און נישט לייכט איז אים צו קומען צו זיך פון די שווערע בעליידיגונגען, וועלכע עס האָט אים געשענקט דער קאַמפף. ווייל אַ קאַמפף, וואָס ווערט געפירט מיט פאַרהאַסונג און גיפט, קען נישט זיין ערליך און ווירדיג.

אין דער מינוט קומט פאָר עפּעס אַזוינס עקעלהאַפטיגס, וואָס עקעלהאַפטיגער קען שוין, דאַכט זיך, נישט זיין אַף דער וועלט. עס טרעטען אַרויס די פאַרפוילטע, די אונפאַרשעמטע.

די פחדנים, די בוגדים; די, וואָס האָבען איבערגעלאָזען זייערע ברידער אין דער שווערסטער מינוט; די, וואָס זענען אַנטלאָפען פונ'ם קאַמפף; די, וואָס האָבען זיך געהאַלטען אין דער זייט, וואָס האָבען זיך פאַרבאָרגען אין דער פינסטערקייט, וואָס האָבען מיט אַ קאַלט בלוט צוגעזייען, ווי מ'בעגיסט מיט גיפט זייערע ברידער, ווי מ'צאַפּט פון זיי בלוט, און האָבען שטילערהייט אפשר נאָך מיטגעהאָלפען דעם שונא. און איצט, ווען דער קאַמפף איז געענדיגט, ווייזען זיי זיך אַרויס פון זייערע בעהעלטענישען, און קריכען אַף די קני, מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, צום זיגער, און זיי בוקען זיך פאַר אים מיט'ן פנים אין שטויב, און זיי זינגען אים „הללו" און לעקען-אָפּ פון אים מיט דער צונג דאָס בלוט פון זייערע ברידער, בערעכטיגען די נידעריגקייט און נידערטרעכטיגקייט, וועלכע ער האָט אין קאַמפף אַרויסגעוויזען, און לויבען די שלעג, וועלכע ער האָט זייערע אייגענע ברידער געגעבען, און זענען זיך מתנצל און פאַרענטפערן זייערע ברידער, וועלכע האָ-בען געהאַט די העזה זייערע אינטערעסען צו פאַרטיידיגען.

* * *

„אַ שטימע פון שכל און האַרץ" — אַזוי רופט ד"ר הענריק נוס-בוים זיין בריוו אין די רעדאַקציע פון „קוריער וואַרשאַווסקי".

אַ שענדליכער מה-יפית פון פאַרפוילטע און אונפאַרשעמטע, — ווערט זאָגען יעדער פאַרשטענדיגער לעזער, סיי אַ יוד, סיי אַ פּאָליאַק.

דער ד"ר נוסבוים „קען זיך נישט איינהאַלטען". — „פונ'ם

טיפּען האַרצען פליסט באַ אים אַ דאַנקבאַרשאַפט" צו דעם „קוריער
וואַרשאַווסקי" דערפאַר, וואָס דער לעצטער האָט אַרויסגעוויזען „אַ
פּאָלקאָם בירגערליך בעוואוסטזיין" און האָט „הייס גערופען אונזערע
מיטבירגער קריסטען, זיי זאָלען מאַסענווייז איילען נאָך די וואַל-
לעגיטימאַציעס".

דער געערטער ד"ר האָט אַף אַזויפיל „פּאָלקאָם בירגערליך
בעוואוסטזיין", אַז ער פאַרגעסט דעם כאַראַקטער, וואָס די דערמאָנטע
„הייסע אָפּרופען צו אונזערע מיטבירגער-קריסטען" האָבען געטראָגען.
ער פאַרגעסט דעם גיפטיגען געשריי, וועלכער האָט ביטערע געפילען
דערוועקט אין די יידען, — און אין די ערליכע פּוילישע צייטונגען אַ
הייסען פּראָטעסט אַרויסגערופען. מיר גלייבען נישט, אַז ער האָט די-
דאָזיגע גיפטיגע געשרייען נישט געהערט. ער געדענקט זיי נאָר נישט,
ער מאַכט זיך, אַז ער געדענקט זיי נישט, ער טאָר זיי נישט געדענ-
קען. ער איז דאָך אַ פּוילישער פּאַטריאָט, און וואָס ברענגט מען נישט
פאַר אַ קרבן אַף דעם מזבח פון דעם הייליגען פּאַטריאָטיזם!

די מענשענפרעסענדיגע, מיט בלוט שמעקענדיגע אָפּרופען, וועל-
כע האָבען ביז אין טיפסטען צוריסען די יידישע נשמה, זי מיט
אַנגסטען און טויטווייטיג אָנגעפילט, — רופען אַרויס באַ דעם דינ-
פילענדיגען ד"ר הענריק נוסבוים „פונ'ם טיפען האַרצען" אַ שטור-
מענדיגע „דאַנקבאַרקייט"...

ד"ר הענריק נוסבוים איז גליקליך.

„ס'האָט, ווירקליך, געדראָהט" אַ גרויסע סכנה: „די מערהייט
צווישען די ווײלער האָבען געקענט בילדען די יידען, וועלכע זענען
דער מיעוט פון דער בעפעלקערונג", און „די פּאָליאַקען און קאַטאָלי-
קען, וועלכע זענען דאָס רוב פון דער בעפעלקערונג", „וואָלטען גע-
ווען באַ די וואַלען אין מיעוט".

דער קלאָרזייענדיגער דאָקטאָר האָט פאַרזייען איין זאַך: ער ווייס,
כלומר'שט, נישט, אַז די יידען האָבען אפילו אין די געדאַנקען נישט
געהאַט צו שיקען פון וואַרשאָ צוויי דעפּוטאַטען-יידען. ער ווייס,
כלומר'שט, נישט, אַז מיט די יידען האָבען זיך פאַראייניגט די פּאָליאַ-
קען, פּראָגרעסיווע דעמאָקראַטען, און אין פאַל פון נצחון, וואָלטען
זיי געשיקט אין דומאַ איין דעפּוטאַט אַ ייד, און דעם צווייטען — אַ פּאָ-
ליאַק. צו האָט דער הויכאינטעליגענטער הערר דאָקטאָר נישט געלייענט

די לעצטע צײַט קײן צײַטונגען? אָדער, אפשר, רעכענט ער די פּױלישע
פ. ד. נישט פאַר פּאָליאַקען??

קרושעװאַן און גרינגמוט זאָגען דאָסזעלביגע: װער ס׳איז נישט קײן שאָװיניסט און רעאַקציאָנער, מעג ער זײַן אַ הערשענדיגער פירשט, — איז ער—אַ ייד...

און ה׳ ד״ר הענריק נוסבױם איז נישט אַבי-װער! ער רעדט נישט אַבי-װאָס!! ער האָט צו טון נישט אַבי מיט װעמען!!! ער רעדט אין נאָמען פון „פּראָגרעס״—„עס װאָלט געװען געגען די פּרינציפּען פון גערעכטיגקײט״, װען די „יידען״, דער מיעוט אין דער בעפעלקערונג, װאָלטען געבילדט דאָס רוב באַ די װאַלען.

װיאַזױ פאַרשטײט, אָבער, ה׳ ד״ר הענריק נוסבױם דעם „פּראָגרעס״ און די „גערעכטיגקײט״?

הערט און שטױנט.

דער „פּראָגרעס״ און די „גערעכטיגקײט״ ברענגען דעם ה׳ נוסבױם צו דעם אױספיר, אַז די פּױלישע יידען דאַרפען נישט האָבען קײן אײגענע פאַרטרעטער אין דער דומאַ.

„איך בין אַלײן אַ ייד- אַ פּאָליאַק״, — זאָגט ער. און װײַטער:

„איך אָנערקען, אַז, װי הימעלשרײַענדיג עס איז נישט דאָס אומרעכט, װאָס װערט געטון דעם פּױלישען פאָלק,—דאָך, דאָס אומרעכט, פון װעלכען עס לײַדט דאָס יידישע פאָלק אין רוסלאַנד, דערגרײַכט די העכסטע מאָס״.

ה׳ נוסבױם אָנערקענט.

אַ דאַנק כאָטש פאַר דעם.

„לאָמיר האָפען, אַז די בעסטע עלעמענטען פון דעם רוסישען פאָלק װעלען אָפּװאַשען די דאָזיגע שאַנד, װעלכע ליגט אַף זײ.

„אָבער, כדי אָפּצװאַשען פון דעם רוסישען שטערן די שאַנד קעגען דער אידעע פון ציװיליזאַציע, — איז נײטיג, עס זאָל זיך אָפּװעקען די שטימע פון דעם רוסישען געװיסען; עס איז, אָבער, גאָר נישט נײטיג, צו אין װאַרשאָ זאָל די מערהײט פון די װײלער זײַן אַ יידישע; צו דעמדאָזיגען פּראַקטישען צװעק איז אױך נישט אונבעדינגט, אַז אַ ייד זאָל פיגורירען אין דער רײה פון די דעפּוטאַטען אױס פּױלען!״

דער אױסרופצײכען געהערט דעם מחבר אַלײן.

און דערדאָזיגער אױסרופצײכען איז נאָך כאַראַקטעריסטישער

פון דעם גאַנצען „געדאַנק". אין דעם געדאַנק אַליין שטעקט אַ קאָלאָ-
סאַלע הוצפה. איר פאַרשטייט: אַ מענש, וועלכער רעדט אין נאָמען
פון „פּראָגרעס" און „גערעכטיגקייט", דערלויבט זיך צו זאָגען, אַז די
יידען, וועלכע בילדען 14 % אין דער גאַנצער פּוילישער בעפעלקע-
רונג און 33 % אין וואַרשאָ אַליין,—דאַרפען נישט האָבען קיין אייגענע
פאַרטרעטונג אין רוסישען פּאַרלאַמענט!... און מיינט נישט, אַז ער
איז אַ תּם. ער מאַכט זיך אפילו נישט פאַר אַזעלכען. ער ווייס גוט,
וואָס ער זאָגט, און ער בראַווירט מיט דעם. ער שטעלט אַנ'אויסרופ-
צייכען, ווי איינער רעדט: איך פאַרשטיי, וואָס איך זאָג, און איך
זאָג עס פאָרט, און טוט מיר עפּעס! לעבען זאָל דער היילינער
פּאַטריאָטיזם און די עכט-פּוילישע מענשען"!

• •
•

ווייטער פּאַרציט דער ד"ר נוסבוים דאָס אַלטע, אַלעמען שוין
גוט בעקאַנטע לידעל, וועלכעס מ'קען געבען אַ נאָמען: „יידען, הערט
אָף צו זיין מענשען! ווערט חניפה'דיגע הינט אָהן געפיל פון זעלבסט-
ווירדע".

ה' נוסבוים זאָגט אַרויס דעם ריכטיגען געדאַנק, וועלכען די
אַסימילאַטאָרען האָבען ביז דער לעצטער צייט נישט געוואָלט אָנער-
קענען, דהיינו, אַז—

„געשריבענע געזעצען, אפילו די ליבעראַלסטע, וועלען בלייבען
אַ טויטער בוכשטאַב, ווען אַ געגענזייטיג מיסטרויען, ווען אַ פיינטלי-
כע שטימונג וועט פונאַנדערטיילען די פאָלקסמאַסען, וועלכע בעוואוי-
נען איין ערד!"

דעריבער, זאָגט ה' נוסבוים, דאַרף מען „בעקעמפען דאָס
געגענזייטיגע מיסטרויען, דערשטיקען די פלאַמען פון שנאה צווישען
די איינוואוינער פון איין לאַנד".

אָבער ה' נוסבוים ווענדט זיך מיט דידאָזיגע ווערטער נישט
צו די נאַראָדאָווע-דעמאָקראַטען, וועלכע האָבען אַזאַ מורא'דיגע שנאה
אַזאַ בלוטיגען האַס אַרויסגעוויזען צו די יידען בשעת די וואַלען. ער
רעדט נישט קיין וואָרט וועגען דער שמוציגער אַנטיסעמיטישער כוואַליע,
וועלכע האָט פאַרפלייצט די וואַרשעווער גאַסען אין די וואַלטעג; וועגען
דער שוואַרצער כמאַרע פון פּאָגראָם-פּראָקלאַמאַציעס, וועלכע האָט

דעמאָלט אָנגעפּילט די וואַרשעווער לופט. ער רעדט נישט קיין וואָרט
וועגען דעם פּאָגראָם-פּחד, וועלכען עס האָבען דאַן איבערגעלעבט
די קאָלישער און לויוויטשער יידען. ער פּראָטעסטירט נישט געגען
אַזאַ טאַקטיק פון די נאַראָדאָווע-דעמאָקראַטען. ער ווייזט נישט אָן אַף
די גרויסע סכנה, אין וועלכע דידאָזיגע טאַקטיק האָט אַוועקגעשטעלט
די יידישע בעפעלקערונג אין פוילען. ער רופט נישט די נאַראָדאָווע-
דעמאָקראַטען צו „פּראָגרעס”, צו „גערעכטיגקייט”. ער טייטש זיי
נישט אויס די גאַנצע העסליכקייט און דעם גאַנצען גרויעל פון זיי-
ערע ווילדע טאַטען.

ד״ר נוסבוים, דער שאַלאַטען-שמש פון „פּראָגרעס” און
„גערעכטיגקייט”, פאַרמאַכט די אויגען אַף די אַלע מעשים. ער האָט
דרך-ארץ פאַר דעם שטאַרקען, זיין צונג קען נישט דאָס פריַיע אָפענע
וואָרט.

ער ווענדט זיך מיט מוסר צו די יידען! גלייך ווי די יידען
וואָלטען געווען אַנטיפּאָליאַקען, גלייך ווי די יידען וואָלטען געווען
מענשענפרעסער. ער רעדט זיי אויס, פאַרוואָס זיי האָבען געוואָלט
דורכפירען יידישע דעפּוטאַטען אָדער קריסטען-פּראָגרעסיסטען. ער
דערקלערט דאָס זעלבסטשטענדיגע האַלטען זיך פון די יידישע וויילער
דורך „דער אַגיטאַציע פון איינצעלנע פּערזענליכקייטען, וועלכע האָבען
נאָר אין אייגענע אינטערעסען געשפּילט אַף דעם געפיל פון דער
אומגליקליכער לאַגע, וועלכע דערוועקט אין די יידישע מאַסען אַ טי-
פען ווייטיג”. די מיינונג פון ה׳ נוסבוים איז, אַז די יידען האָבען
בעדאַרפט שטימען נאָר פאַר נאַראָדאָווע-דעמאָקראַטען און נישט פאַר
אַנדערע פּאָליאַקען. מיט אַנדערע ווערטער, ער זאָגט צו די יידען,
אַז זיי דאַרפען מוחל זיין אַף זייער כבוד, אַף זייער ווירדע. מ׳שפּייט
זיי אין פּנים, מ׳דראָהט זיי מיט בלוטבעדער, און זיי דאַרפען שוויי-
גען, זיי דאַרפען אַלץ איבערטראָגען, זיי דאַרפען קושען די האַנט,
וועלכע עס שלאָגט, זיי דאַרפען זיין אַ געהאָרכזאַם שטימפיה באַ זייערע
אונטערדריקער, אפשר וועלען די לעצטע זיי אויך וואַרפען אַ ביינדעל
פאַר זייער חניפה, פאַר זייער הינטיש אונטערלעקען-זיך.

ד״ר נוסבוים איז אויסער זיך פאַר פרייד, וואָס די נאַראָדאָווע
דעמאָקראַטען האָבען געזיגט. נאָך מער גליקליך איז ער פון דעם,
וואָס פיל יידען האָבען געשטימט פאַר די נאַראָדאָווצעס. און ווידער
מאַכען זיינע ווערטער אַזאַ איינדרוק, פונקט ווי ער וואָלט די לעצטע

ציַיט נישט געוואוינס אין וואַרשאָ און איז אַראָפּגעפּאַלען אין „קוריער וואַרשאַווסקי“ גלייך פון דער לבנה אַראָפּ. עס איז נישטאָ אין וואַרשאָ קיין קינד, וועלכעס זאָל נישט וויסען וועגען די אַלע שווינדלען און פעלשונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען באַ די וואַלען דורך די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען. סויזענדער ייִדען האָבען געגעבען זייערע שטימען פאַר די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען נאָר דערפאַר, וואָס די אַגענטען פון די לעצטע האָבען זיי אָפּגענאַרט, זיי פאַרביטען די וואַל-צעטלען. דעריזעלביגער „קוריער וואַרשאַווסקי“, צו וועלכען ד"ר נוס-בוים פילט אַזאַ הייסע „דאַנקבאַרשאַפט“, אָנערקענט, אַז די וואַלען זענען דאָס בעסטע אָרט צו שווינדלען.

איין ד"ר נוסבוים ווייס פון דעם אַלעם נישט.

„אונזער נצחון וועט זיין אונזער מפלה; אונזער פאַרשפּילען וועט זיין אונזער געווינס!“

אַזוי, דערציילט ד"ר נוסבוים, האָבען געזאָגט פיל ייִדען, — און האָבען געשטימט פאַר נאַראָדאָווצעס.

„און נישט (?) דער פּחד פאַר עפּעס אַ ברוטאַלען פּאָגראָם איז געווען דער מאָטיוו פון אַזעלכע שטימען, נאָר דער געזונטער פּאָ-ליטישער שכל און דאָס געפיל פון געראַכטיגקייט!“

אַזוי זאָגט ה' נוסבוים.

אַלזאָ, וועלען מיר וויסען, אַז אונטער די ווערטער „פּאָליטישער שכל“, „געראַכטיגקייט“, „פּראָגרעס“ פאַרשטייט ד"ר נוסבוים הינטישע געפילען ...

* *
*

„אונזער נצחון וועט זיין אונזער מפלה; אונזער פאַרשפּילען וועט זיין אונזער געווינס!“

ד"ר נוסבוים בעטראַכט דעם זיג פון די נאַראָדאָווצעס, אַלס אַ געווינס פאַר די ייִדען.

ווי מיאוס, ווי נישט ווירדיג עס איז די ערשטע העלפט פון ד"ר נוסבוים'ס בריוו, — נאָך שענדליכער, נאָך טרויעריגער איז דער סוף.

ה' נוסבוים צוגיסט זיך אינגאַנצען אין שרעקליכער הניפה צו די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען.

הערט אַ שאָוויניזם:

„דאָס פּוילישע פאָלק איז נישט געוויינט צו קעמפפען מיט נידערטרעכטיגע מיטלען. אַ אינסטינקטיוו שטרעבען צו גערעכטיגקייט און פריייהייט פליסט אין זיין בלוט".

דאָס „פּוילישע פאָלק" זענען, אפנים, די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען, און „דאָס שטרעבען צו גערעכטיגקייט" — די לעצטע פּאָגראָם-אַגיטאַציע.

נו, און דער אַנטיסעמיטיזם פון דער נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע?

ד"ר נוסבוים אָנערקענט, אַז אין פּוילען עקזיסטירט אַן אַנטיסעמיטיזם. ער טענה'ט, אָבער, אַז נישט די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען זענען אַנטיסעמיטען.

איר פאַרשטייט? נישט די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען!!

ד"ר נוסבוים גלייבט זער די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען און ווענדט זיך צו „דער יידישער מאַסע" מיט אַן אָפּרוף, אַז „זי מייג האָבען אַ פאָלקאָמען צוטרוי צו דער נאַראָדאָווע דעמאָקראַטי".

איז ער דען נישט גערעכט? צו האָט דען דער „דזוואָן פּאָלסקי" נישט דערקלערט, אַז ער פאָדערט פאַר די יידען גלייכבערעכטיגונג?

אלא וואָס, דיזעלביגע צייטונג, צוגלייך מיט די צוטרויענס-ווירדיגע „מענער", „וואָס זענען פול מיט געפיל פון גערעכטיגקייט און אָפענהערציגע פרייהייטסשטרעבונגען", רופען צו אַ געזעלשאַפטליכען בויקאָט אַף די יידען, פאָדערן אָף דאָס פּוילישע פאָלק צו מאַכען פון דער קונפטיגער גלייכבערעכטיגונג אַ טויט וואָרט, מאַכען פאַר די יידען אונמעגליך דאָס לעבען אין פּוילען;

אלא וואָס, פאַר דערדאָזיגער גלייכבערעכטיגונג פאַרלאַנגט מען פון די יידען די נשמה זייערע; פאַרלאַנגט מען פון די יידען, זיי זאָלען זיין הינט, זיי זאָלען זיך נישט דערוועגען צו האָבען קיין אייגענעם ווילען, קיין אייגענע מיינונג, פירען קיין זעלבסטשטענדיגע פּאָליטיק, זיי זאָלען טון נאָר דאָס, וואָס „די בעלי בתים פונ'ם לאַנד" וועלען זיי בעפעלען;

— — איז דען ד"ר הענריק נוסבוים אין דעם אַלעם שולדיג? איז ער דען מחויב דאָס אַלץ צו וויסען?

און אַז ער ווייס, —

אַרט עס אים אויך אין לינקען קנאַפּעל!

גאָר צום סוף איז ער זיך מתנצל פאַר די פּאָליאַקען. ער

פאַרענטפערט די ייִדען, וועלכע האָבען געשטימט געגען די נאַראָדאָוועדעמאָקראַטען. ער זאָגט, אַז דאָס איז געווען נאָר אַ טעות, אַ נישט בעטראַכטער שריט, „אַרויסגערופען דורך דעם אינסטינקטיווען ריס צו דער שלעכטפאַרשטאַנענער זעלבסטפאַרטיידיגונג".

און ער „פאַרזיכערט די נאַראָדאָוועדעמאָקראַטען אַף דעם פייערליכסטען שטייגער, אַז בא דער ייִדישער בעפעלקערונג איז נישט געווען קיין פאָראויס אָפּגעשטעלטער פּלאַן אָפּצונאַרען די קריסטליכע ברידער".

ווער האָט אים געגעבען דאָס רעכט אַזוי צו רעדען? ווער האָט אים בעפאָלמעכטיגט די ייִדען צו „פאַרטיידיגען"?

* *

*

„אַ שטימע פון שכל און האַרץ" — שעמט זיך, ביז אין וויטען האַלז אַריין, ה' ד"ר העינריק נוסבוים:

„דער וועג", 1906 נ"ג 86, 87.

װאַרשאַ, 31 מאַי (13 יוני).

## „דער אײנציגער פאָרשטײער פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אין פּױלען“.

פּ. פּ. ס., װי באַװאוסט, האָט ליב צו רעכענען זיך פאַר דעם „אײנציגן פאָרשטײער פון דעם פּױלישן פּראָלעטאַריאַט.“ דערבײ מאַכט זי אַ פירוש, אַז דאָס װאָרט „פּױלישן“ — פאַרשטײט זי אין טעריטאָריאַלען און נישט אין נאַציאָנאַלען זין. זײענדיג, כלומר'שט, אַ סאָציאַליסטישע“ אָרגאַניזאַציע, אַ טרעגערין פון די ברײטסטע באַפרײאונגסאידעאַלען, שעמט זי זיך פונדעסטװעגן נישט אָפּצוזאָגען דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אין רעכט אַף נאַציאָנאַלע זעלבסטבעשטימונג און מיט איר געבונדענע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע. — פּ. פּ. ס. אָנערקענט נישט די באַזונדערע ייִדישע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס. — פּ. פּ. ס. זאָגט, אַז זי װעט בעסער פאַרזאָרגען די ייִדען, װי זײ אַלײן; זי װיל מיט געװאַלט װערען דער אַפּוטרופּוס פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט. און די משה-רבנו'ס-פערדלעך פון דער סאָציאַליסטיש-געזאָגענער ייִדישער אינטעליגענץ טאַנצען מיט נאָך די שאָװיניסטישע אָנפירער פון פּ. פּ. ס. און טענה'ן מיט דעם גאַנצען ביסעל היץ פון זײער אָפּגעשטאָרבענער, אױסגעטריקנטער נשמה: „יאָ, פּ. פּ. ס. איז דער אײנציגער פאָרשטײער פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אין פּױלען“.

און פאַקטיש איז עס אַזױ. פּ. פּ. ס. פאַרזאָרגט די ייִדען פיל בעסער, װי זײ װאָלטען זיך געקענט פאַרזאָרגען. אױב איר גלײבט נישט, װעלען מיר אײך ברענגען גאַנץ פעסטע ראיות.

אין לעצטען נומער „טשערװאָני שטאַנדאַר“, אָרגאַן פון

דער סאָצ-דעמ. פון פּוילען און ליטאָ, איז דזערשינען דער פאָלגענ-דיגער „אָפּענער בריוו צו דעם זאַגלעמבער קאָמיטעט פון פּ. פּ. ס.״, אונטערגעשריבען פון דעם זאַגלעמבער קאָמיטעט פון „ס. ד. פון פּ. און ל.״;

— „די עטיק פון ערליכען רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף פאָדערט, אַז בנוגע צו די געגנער, סיי פון קאָנטררעוואָלוציאָנערען, סיי פון רעוואָלוציאָנערען לאַגער, זאָל מען אַרויסטרעטען מיט אַנ׳אָפען געזיכט, נישט פאַרבּעהאַלטענדיג, פון פחדנות, דאָס פּראָגראַם און נישט פאַר-שפּרייטענדיג קיין רכילות און קיין בעוואוסטזיניגע ליגענס וועגען דער טאַקטיק און דעם פּראָגראַם פון אַנדערע פּאַרטייען.

„דיזעלביגע עטיק פאָדערט, אַז מ׳זאָל נישט שטיצען דעם קאַמפּף אַף רעליגיעזען פאַנאַטיזם, אַף ראַסענאונוויסענהייט און נאַציאָ-נאַלען האַס.

„און פונדעסטוועגען: נישט קוקענדיג אַף דידאָזיגע פאָדערונגען, וועלכע זענען אַזוי איינפאַך און קלאָר, דאָך אין זאַגלעמביע טצען-אויס אייערע פאַבריקאַגיטאַטאָרען דעם רעליגיעזען פאַנאַטיזם און דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס ווערט פאַרשפּרייט דורך די נאַראָדאָווצעס, און העצען-אָף די אונוויסענדיגע מאַסען קעגען דער סאָציאַל-דעמאָ-קראַטיע, טענה׳דיג, אַז מיר זענען אַ יידישע פּאַרטיי, און פאַרשפּריי-טענדיג קלאַנגען, אַז מיר, אַלס פּאַרטיי, זענען פיינט פון רעליגיע, דען מיר שרייבען קעגען קלויסטער און קעגען קסיאָנדזען.

„אַזאַ מין אָפּהעצען פון די אַגיטאַטאָרען פון פּ. פּ. ס. בעגע-נען מיר אַף אַלע פאַבריקען אין זאַגלעמביע. און דאָס בעווייזט, אַז דידאָזיגע טעטיגקייט קעגען אונז ווערט געפירט סיסטעמאַטיש, לויט אַ פאָרויס צוזאַמענגעשטעלטען פּלאַן.

„כדי צו געבען בעווייזען, כאָטש פון דער לעצטער צייט, איז גענוג אָנצווייזען אַף דעם מיטינג אין קאַטאַרזשינע, וועלכער איז געמאַכט געוואָרען דעם 15-טען מאַי דורך ס. ד. — אַף דעמדאָזי-גען מיטינג איז אַרויסגעטרעטען אַנ׳אַגיטאַטאָר פון פּ. פּ. ס. און האָט געשריגען צו דער מאַסע: „היט זיך פאַר דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, ווייל דאָס איז אַ יידישע פּאַרטיי; הערט נישט די יידען פון „טשער-וואָני-שטאַנדאַר״. געענדיגט האָט ער מיט אַנ׳אָפּרוף לכבוד פון פּ. פּ. ס.

„אַפ׳ן אַנדערן טאָג איז אין דערזעלביגער פאַבריק געווען אַ מיטינג,

וועלכען עס האט געמאכט פ. פ. ס. אונזער חבר האט אין זיין רעדע אפמערקזאם געמאכט דעם אפיציעלען רעדנער פון פ. פ. ס. אף די פראוואקאטארישע ראלע פון פ. פ. ס.׳אווער אגיטאטאר אף דעם נעכטיגען מיטינג. דער אפיציעלער פארשטייער פון פ. פ. ס. האט פארשוויגען די בעמערקונג און האט אפילו מיט איין ווארט נישט אנגעוויזען אף די שענדליכקייט פון אזוי א פראוואקאציע. הייסט עס, אז ער איז מיט איר איינשטימיג?!

„דעם 26-טען מאי האט ס. ד. געמאכט א מיטינג אין די שטיינקוילענגרובען „רענארד". אנ׳ארבעטער פון פ. פ. ס. האט געזאגט אף דעם מיטינג: „גייט נישט נאך דער סאציאל-דעמאקראטיע, ווייל זי שרייבט קעגען קסיאנדזען! נאר פ. פ. ס. פירט די ארבעטער נאך יעזוס׳ן און נאך דעם קסיאנדז, וועלכער וויל אייער גוטס."

„די אלע אויבענאויסגערעכענטע פאקטען דערלויבען צו רעכענען, אז איר פירט ביוואוסטזיניג און געהיים אנ׳אנטיסעמיטישע אגיטאציע, צובלאזט דעם רעליגיעזען האס, און נארט אפ די ארבעטער, וואס אנבעלאנגט אייער בעציונג, אלס פארטיי, צו דעם קלויסטער און צו דעם קסיאנדז, ווייל אפיציעל פאדערט איר דאך, אז די קירך זאל אפגעטיילט ווערען פון דעם רייך, און די שולע פון דער קירך, ווייל אפיציעל אנערקענט איר דאך, אז די רעליגיע איז א פריוואטזאך".

---

די בעשולדיגונג איז, ווי מיר זעען, זייער אנ׳ערנסטע. דער זאגלעמבער קאמיטעט פון ס. ד. פאדערט קאטעגאריש, אז אין משך פון א וואך, רעכענענדיג פון דעם טאג, ווען דער בריוו וועט דערשיינען אין „טשערוואני-שטאנדאר", זאל דער זאגלעמבער קאמיטעט פון פ. פ. ס. געבען א קלארען ענטפער אף די פאלגענדיגע צוויי פראגען:

1) פאדערט פ. פ. ס., אז די קירך זאל אפגעטיילט ווערען פון דעם רייך, און די שולע פון דער קירך? צו פירט זי א קאמפף קעגען דעם קלעריקאליזם, ד. ה. קעגען קלויסטער און קסיאנדזען, וועלכע זענען איצט די פארטיידיגער נישט פון די עקספלאאטירטע פאלקסמאסען, נאר פון דער בורזשואזיע און ביוראקראטיע?

2) צו נעמט זי אף זיך די פאראנטווארטליכקייט פאר די טאטען פון מענשען, וועלכע רופען זיך אן אלס מיטגלידער פון דערדאזיגער פארטיי, וועלכע פירען אונטער איר פירמע אנ׳אגיטאציע קעגען יידען און וועקען אף דעם רעליגיעזען האס?

צום סוף פון בריוו דערקלערען זיינע פארפאסער, אז סיי דעם בריוו, סיי דעם ענטפער פון פ. פ. ס. וועלען זיי פארשפרייטען אין דער גאנצער סאציאל-דעמאקראטישער פרעסע אין רוסלאנד און אין אויסלאנד.

---

זאגלעמביע ליגט אין דאמבראווער קוילענגרובענראיאן. דארט געפינט זיך א מאסע בערגארבעטער, אף וועלכע פ. פ. ס. האט א גרויסען איינפלוס, און אט די מענגע ארבעטער אנטוויקעלט זי אין אזא „עכטסאציאליסטישען" זין.

די רעדאקציע פון „טשערוואני שטאנדאר" בעמערקט, אז פאר איר איז די מעשה, וואס ווערט דערציילט אין בריוו, גאר קיין נייעס נישט. דאס, וואס קומט פאר אין זאגלעמביע, שפילט זיך אפ אויך אין אנדערע פראווינציעלע שטעדט.

די רעדאקציע שרייבט:

— מיר דערהאלטען שטעטס פון פאבריקסמיטינגען, בעזונדערס אף דער פראווינץ, קארעספאנדענצען, וועלכע גיבען-איבער פרטים פון דער שענדליכער פ. פ. ס.'אווער אגיטאציע, וואס שטרעבט צו צובלא-זען דעם נאציאנאלען, ראסען- און רעליגיעזען האס. מיר ווארפען דיזע קארעספאנדענצען אין קארב, כאטש מיר האבען פאלקאמענעס צוטרויען צו אונזערע חברים און קארעספאנדענטען. מיר ווארפען די קארעספאנדענצען אין קארב איינפאך דערפאר, וואס דאס נאיווע פוב-ליקום וואלט געקענט נישט וועלען גלייבען, אז עפעס ענליכס זאל זיין מעגליך".

אנ'עולה!

אוועלכע דאקומענטען טאר מען נישט ווארפען אין קארב! דאס איז זער לייכטזיניג! מ'דארף נישט פארגעסען, אז דא האנדעלט זיך נישט נאר וועגען דער ערע פונ'ם סאציאליזם, נאר וועגען דעם פארמעגען און לעבען פון א גאנץ פאלק.

שיין וועלען אויסזיין די יידען אין פוילען, ווען די אנטיסעמי-טישע אגיטאציע פון פ. פ. ס. וועט אנהייבען צו ברענגען פרוכטען!

---

פ. פ. ס. ציילענט זיך אויס.

און אונזערע משה-רבנו'ס פערדלען פון דערדאזיגער „סאציא-ליסטישער פארטיי“, וואס וועלען זיי זאגען אף דעמדאזיגען „איינציגען פארשטייער פון יידישען פראלעטאריאט אין פוילען“ און „פארטיי-דיגער פון אלע זיינע אינטערעסען“?

„דער וועג“, 1906, № 121.

ווארשא, 1 (14) יוני.

# פ. פּ. ס.'אָווער טאָלעראַנץ.

דאָס קראָקעווער וואָכענבלאַט „דער ייד" שרייבט וועגען דער אַזויגערופענער „יידישער סעקציע", וואָס די גאַליצישע פּ. פּ. ס. האָט אַף איר לעצטען צוזאַמענפאָר בעשלאָסען צו גרינדען:

„אינטערעסאַנט איז געווען דער לעצטער צוזאַמענפאָר פון די פּוילישע סאָציאַליסטען אין לעמבערג. דער וויכטיגסטער פּונקט פון דער טאָגאָרדנונג, וועלכער האָט פאַרנומען די גרעסטע צייט, איז געווען די יידענפראַגע. ס'איז אויך נישטאָ וואָס זיך צו חידוש'ען דערויף: די רעדעלפירער זענען לרוב יידען; און ביידע צונגען דער-ציילען אפילו, אַז דאָס רוב אָנהענגער פון דער פּאַרטיי, בפרט אַף דער פּראָווינץ, זענען יידען. נאָר מיר ווילען דאָ היינט נישט נאָכ-פאָרשען, וויפיל יידען ס'זענען געבליבען אין דער פּ. פּ. ס., און וויפיל די קאָנקורענצפּאַרטיי, „פון דעם 1-טען מאַי", האָט אָפּגעריסען. מיר ווילען זיך דאָ נאָר אַרגע פאַרנעמען מיט די החלטות פון דעם צוזאַמענפאָר בנוגע צו יידען.

„ס'איז בעשלאָסען געוואָרען צו גרינדען אַ בעזונדערע יידישע „סעקציע", און ה' דאַשינסקי, דער הערשער פון דער פּאַרטיי, איז נישט נאָר נישט געווען דאַגעגען, נאָר פאַרקערט, ער האָט נאָך אונטערשטיצט דעם פאָרשלאָג מיט אַ לאַנגער רעדע.

„ווער עס לייענט די רעדע, דער דערקענט, נישט נאָר אָן איר לענג, נאָך אויך אָן אירע געדרייטע ראיות, אַז ס'איז דעם רעדנער זער שווער אָנגעקומען, די רעדע צו האַלטען. אַף שריט און טריט האָבען זיך אים אַקעגענגעשטעלט זכרונות, ערינערונגען אָן פאַרגאַנגענע צייטען, און נאָך אפילו נישט לאַנג פאַרגאַנגענע צייטען.

„פאַרדרייאָרען איז דאָס געווען. באַלד נאָך קישינעוו.
ווי די ערשטע מרה-שחורה איז פאַרגאַנגען, האָבען די קראָקעווער יידען פון די פאַרשידענסטע פאַרטייען בעשלאָסען, צונויפצורופען אַ שותּפות׳דיגע טרויערפאַרזאַמלונג. לויט אָפּמאַך, האָבען אַף דער פאַר-זאַמלונג געזאָלט צוויי רעדנער רעדען: איינער אַ ציוניסט און איינער אַ „ייד" פון דער „פוילישער" פאַרטיי. פלוצים, ווי דער פויליש-סאָציאַליסטישער האָט געדאַרפט רעדען, איז דערשינען ה׳ דאַשינסקי אין דער יידישער פאַרזאַמלונג, און דער פוילישער „ייד" האָט אים אָפּגעטרעטען דאָס וואָרט. אַ בלינדער האָט געזייען, אַז דאָס איז געווען צוגעגרייט: מ׳האָט געוואָלט דעם ציוניזם, דאָס דערוואַכענדיגע יידישע נאַציאָנאַלגעפיל דערשלאָגען. און דאַשינסקי האָט גערעדט. ער האָט באַלד פאַרגעסען, אַז ער איז אַף אַ יידישער טרויערפאַר-זאַמלונג, האָט אָנגעהויבען צו מוסר׳ן אַף זיין אופן, און האָט געשאָ-טען זאַלץ אַף די פרישע בלוטיגע וואונדען. „אַ מצוה אַף אייך" — אַזוי האָט ער געדונערט: — „שיידט אייך נישט אָפּ פון די פעלקער און גראָבט נישט קיין גרוב צווישען אייך און צווישען זיי".

„און דער דונערנדיגער ביפאַל פון די פויליש-יידישע חברים האָט געגעבען צו פאַרשטיין, אַז ער האָט גוט גע׳דרשנ׳ט.

„און היינט, נאָך קוים דריי יאָר, האָט דערזעלביגער ה׳ דאַשינ-סקי געמוזט דערלעבען, אַז נישט נאָר אַ סך פון זיינע דאַמאָליגע יידישע אָנהענגער זענען נישט מער אונטער זיין קאָמאַנדע, נאָר אפילו די איבערגעבליבענע רעדען שוין אַנדערש. און אַזוי, ווי זיי האָבען אים פאַרדרייאָרען איינגערעדט, ער זאָל זיך שעמען אין דער קישינעוו-פאַרזאַמלונג, אַזוי הייסען זיי אים היינט זיך שעמען מיט דער יידישער „סעקציע". איז דאָס אפשר נישט קיין חרפה, ווען דער פייערדיגער פאַרטיידיגער פון דער אַסימיליאַציע, דער שפּעטער פון דעם „זשאַרגאָן" און פון דעם יידישען „פאָלק" דערקלערט, אַז די סעקציע דאַרף אין אַכט נעמען „די זיטליכע און שפּראַכליכע בעזונדער-קייט פון דער יידישער מאַסע", אָדער „אַז דער יידישער פּראָלעטאַריער ליידט טאָפּעלט: אַלס פּראָלעטאַריער און אַלס „פאַראַכטעטער און גרינג-געשעצטער"? הייסט דאָס נישט אָנזאָגען באַנקראָט, ווען דער, וואָס האָט ביזאַהער געלייקענט אָן אַ בעזונדערע יידישע געזעלשאַפט, אָנער-קענט זי היינט און וויל, אַז די יידישע מאַסען זאָלען בעקומען אַן׳ איינפלוס אַף „זייער" געזעלשאַפט?

„די ייִדישע „סעקציע" איז אפילו נאָך מער ווי אַ שאַנד און ווי אַ באַנקראָט: זי בעטייט דעם אמת'ן ריקשריט, די רעאַקציע. די הילכעדיגע בעקעמפפער פון דעם „געטאָ" געפונען נישט קיין בעסער מיטעל צו לעזען די ייִדענפראַגע, ווי די גרינדונג פון אַנ'אייגען „פאַרטייגעטאָ"...

„יאָ, ה' דאַשינסקי, היינט זאָגען מיר עס אָפען: אמת, מיר „גראָבען גרובען", אָבער איר אויך. מיר גראָבען גרובען און מויערן צו שיצען און צו דערהאַלטען אונזער פאָלק; איר גראָבט — אַף צו בעגראָבען"...

---

פ. פ. ס. — בלייבט פ. פ. ס.!

„דער וועג", 1906, נ' 122.

וואַרשא, 19 יוני (2 יולי).

# „אַנטשולדיגונגען".

די פרײַהײַטסטעג אין די מאַניפעסטוואָכען האָבען אַרויסגערופען אין דעם וואַרשעווער פּאַרטײַלעבען אַ נײַע דערשײַנונג, וועלכע איז אין אָנהײב געווען זער אינטערעסאַנט, האָט, אָבער, אין די לעצטע טעג אָנגענומען מיאוסע פאָרמען.

דאָס איז די זאָגענאַנטע „אַנטשולדיגונג".

עפּעס ענליכס צו די וואַרשעווער „אַנטשולדיגונגען" עקזיסטירט אין פראַנצויזישען לעבען. דאָרט זענען פאַראַן געוויסע חטאים, פאַר וועלכע דאָס געריכט בעשטימט, אַלס הוספה צו דער שטראָף, אַז דער בעשולדיגטער איז מחויב צו פובליקירען דעם פסק-דין פונ'ם געריכט, ווי אַנ'אַנאָנס, אין אַ געוויסער צאָל צײַטונגען. דער בע-שולדיגטער גיט אַף אַזאַ אופן צוויסען דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער מײנונג וועגען זײַן זינד. דאָס איז אַ מאָראַלע שטראָף, וועלכע איז נישט זעלטען פאַר'ן בעשולדיגטען שווערער פון אַרעסט אָדער געלט-שטראָף. זי ווערט בעשטימט דאָס רוב פאַר בלבולים און רכילות אין דער פרעסע, ווי אויך פאַר פּערזענליכע בעלײדיגונגען.

די ערשטע אַנטשולדיגונג אין וואַרשאָ איז געדרוקט געוואָרען אין „וועג". אײנמאָל אין אָווענט איז אַרײַנגעקומען אין רעדאַקציע אַ פּריקאַזטשיק פון אַ נאַלעווקער פאַבריקאַנט, און האָט געבראַכט אַ בריוו, אין וועלכען דערדאָזיגער פאַבריקאַנט האָט זיך אָפען מודה ומתודה געווען, אַז ער האָט איבערגעגעבען דער פּאָליציי עטליכע זײַנע אַרבע-טער; האָט דערקלערט, אַז ער פאַרשטײט די נידערטרעכטיגקײט פון זײַן טאַט; האָט צוגעזאָגט דאָס מער נישט צו טון, און האָט געבע-טען „אַנטשולדיגונג" בײַ דער אָרגאַניזאַציע פון „בונד".

איך בין דאַמאָלס געווען אין רעדאַקציע, און עס האָט מיך
דער פאַראינטערעסירט די פּסיכאָלאָגיע פון אַ מענשען, וועלכער שטעלט
זיך אַליין אַרויס עפּענטליך צום שאַנדסלופּ. איך בין תיכף פּערזענליך
צו איהם אַוועקגעפאָרען, אום געוואָר צו ווערען, צו האָט ער, ווירקליך,
דעם דערמאָנטען בריוו אָנגעשריבען, און צו איז ער מסכּים, דער
בריוו זאָל נעדרוקט ווערען אין דער צייטונג. דער געשפּרעך מיט
דעם פאַבריקאַנט האָט אַף מיר איבערגעלאָזען אַ שווערען איינדרוק.
נאָר אַ לאַנגער בויקאָט און אַ גרויסער מאַטעריעלער שאָדען האָט גע-
קענט צווינגען דעם מענשען אונטערצושרייבען דעם בריוו, וועלכען
עס האָט אָפּגעשריבען די אָרגאַניזאַציע פון „בונד“. איך האָב פאַר-
שטאַנען, אַז דאָס איז אַ שרעקליכע שטראָף. דער בריוו איז געווען
אָפּגעדרוקט אין „וועג“, ווייל די רעדאַקציע האָט געפונען, אַז די
שטראָף איז פאַרדינט: דער מענש האָט פאָרט געמסר'ט עטליכע אַרבע-
טער, וועלכע זענען אָפּגעזעסען נישט קיין קליינע צייט אין טורמע.
נאָך דער ערשטער אַנטשולדיגונג האָבען זיך אַזעלכע בריוו
אָנגעהויבען שיטען ווי פון אַ געלעכערטען זאַק. פאַר יעדע קלייניגקייט
האָבען די פּאַרטייען אָנגעהויבען צו צווינגען מענשען זיך אַליין צו
שטעלען צום שאַנדסלופּ. טאָמער האָט איינער בעליידיגט אַ פאָרשטייער
פון אַן'אָרגאַניזאַציע, האָט זיך די אָרגאַניזאַציע נישט בעגניגענט מיט
דעם, אַז דער בעליידיגטער זאָל בעטען מחילה בּאַ דעם בעליידיגטען
פאַר די אויגען פון די מענשען, וועלכע זענען געווען דערבּיי, ווי
ער האָט איהם בעליידיגט. ניין, מ'האָט געפאָדערט, ער זאָל בעטען
„אַנטשולדיגונג“ בּאַ דעם גאַנצען פאַך אָדער בּאַ דער אָרגאַניזאַציע, און
בעטען עפּענטליך, אין אַ צייטונג אָדער אין עטליכע צייטונגען, פאַר
עטליכע הונדערט טויזענט לעזער. פון אַ קליינעם פּריוואַטען פאַקט
האָט מען געוואָלט מאַכען אַ געשייעניש פון געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער.
עס האָט אין דעם געשטעקט עפּעס אַ מיאוס געפיל פון נקמה. די
אָרגאַניזאַציעס האָבען געוואָלט בעווייזען זייער מאַכט, און זיי האָבען
דידאָזיגע מאַכט מיסברויכט. מ'האָט פּשוט געלעסטערט די עלעמענ-
טאַרסטע פּרינציפּען פון גערעכטיגקייט.
אַלס ביישפּיל וועל איך ברענגען אַן'„אַנטשולדיגונג“, וועלכע
איז די טעג אַריינגעשיקט געוואָרען אין אונזער רעדאַקציע, און וועל-
כע מיר האָבען נישט געפונען פאַר מעגליך צו דרוקען. איינער אַ
מיטגליד פון דער היגער אָרגאַניזאַציע „פּועלי ציון“ האָט געפונען,

אַז אַ מענש פון גראָהמאַנ׳ס געשעפט (גראַניטשנאַ 6) האָט אים בע-
ליידיגט, ווען ער האָט דערפילט די חובות פון אַ בעפאָלמעכטיגען
פאָרשטייער פון זיין אָרגאַניזאַציע. די אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעגע-
בען דעם פאָלגענדיגען פסק-דין: 1) דער בעל-הבית פונ׳ם געשעפט,
וועלכער וואָט פון דער גאַנצער מעשה קיין אַנונג נישט געהאַט, דאַרף
בעצאָלען 1000 רובל לטובת דער אָרגאַניזאַציע, אָדער אַף אים ווערט
אַראָפגעלעגט ווערען אַ בויקאָט; און 2) אַלע מענשען, וואָס אַרבעטען
אין גראָהמאַנ׳ס געשעפט, דאַרפען אָפדרוקען אין די צייטונגען אַנ׳-
אַנטשולדיגונג: דער בעליידיגער דערפאַר, וואָס ער האָט דעם פאָר-
שטייער פון דער אָרגאַניזאַציע בעליידיגט; און די איבעריגע — דער-
פאַר, וואָס זיי האָבען נישט פאַרטיידיגט דעם בעליידיגטען! דער לעצ-
טער מאָטיוו איז בעזונדערס כאַראַקטעריסטיש: דערפאַר וואָס זיי
האָבען נישט פאַרטיידיגט... נישט עכט-פאָליצייאיש-ביוראָקראַטישע לאָגיק?

ווי מיר זייען פון די אַלע אַנטשולדיגונגען, וואָס זענען דער-
שינען אין פאַרשידענע צייטונגען אין די לעצטע טעג, איז פאַר די
אָרגאַניזאַציעס, וועלכע נייטען זאָגאַר מיט טעראָר דידאָזיגע אַנטשול-
דיגונגען צו אונטערשרייבען, וועניג, וואָס די שולדיגע אָנערקענען
עפענטליך זייער חטא. די אָרגאַניזאַציעס פאָדערן בפירוש, אַז די
שולדיגע זאָלען נאָך בעטען „אַנטשולדיגונג” בײַ דידאָזיגע אָרגאַני-
זאַציעס. בײַ נישט-נאָרמאַלע דערשיינונגען, וועלכע טרעפען זיך אין
די בעציונגען צווישען מענשען און צווישען קלאַסען, איז דער
עיקר, אַז דער שולדיגער זאָל אָנערקענען זיין שולד. די אַנטשולדי-
גונג גופא איז שוין מער נישט, ווי אַ פאָרמאַליטעט, אַ נאַריש
איבערלעבעניש, אַ פאָראורטייל, וואָס מוז, ווי אַלע געזעלשאַפטליכע
ליגענס, פאַרשווינדען מיט דער דעמאָקראַטיזירונג פון דעם סאָציאַלען
לעבען. דעריבער איז זער טרויעריג, ווען פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַ-
ציעס, וועלכע זענען טרעגער פון דעם פּראָגרעס אין אַלע פראַגען
פונ׳ם לעבען, בענוצען זיך אַזוי גערן, אַזוי אָהן אַ מאָס, מיט אַזאַ
גראָבען באַנאַלען געזעלשאַפטליכען פאָראורטייל, דאָס איז אַ סימן פון
זער אַ שעדליכער טענדענץ אין דער אַנטוויקלונג פון דידאָזיגע אָר-
גאַניזאַציעס. זיי שטרעבען ווי צו בעשאַפען אין דער געזעלשאַפט אַ
פאָרשטעלונג וועגען זיך, אַלס וועגען אַנ׳אונגעהייערער, אונבעגרענצ-
טער, זעלבסטהערשענדיגער און אונפאַראַנטוואָרטליכער מאַכט, וועלכע
קען און מעג טון אַלץ, וואָס זי וויל; וועלכע מעג שפּייען אַף אַלע

פרינציפען פון געריכטיגקייט; פאַר וועלכער יעדער מענש דאַרף האָ-
בען אַ שקלאַווישע ערפורכט; פאַר וועלכער יעדער מענש מוז שוויי-
גענדיג אַראָפּבייגען דעם קאָפּ, נישט קוקענדיג דעראָף, צי איז ער
גערעכט, צי אומגערעכט. „די אָרגאַניזאַציע קען אומרעכט נישט טון!
די אָרגאַניזאַציע קען קיין פעלער נישט בעגיין! ווי דער פּויפּסט, איז
די אָרגאַניזאַציע זינדלאָזיג און אונפעלבאַר!“ אַזוי קומט עס אויס, לויט
דידאָזיגע „אַנטשולדיגונגען“.

צו׳ם שלוס, אַלס אילוסטראַציע, נאָך איין „אַנטשולדיגונג“.

אין „וועג“ 132, אין אָווענטבלאַט, איז אין דער וואַרשעווער
כראָניק דערשינען די פאָלגענדיגע בעמערקונג: — „מ׳בעט אונז מיטצו-
טיילען פאָלגענדיגס: דער פּראָפעסיאָנעלער פאַך בלעטער- און בלומען-
מאַכער, אונטער דער אָנפירונג פון „בונד“, האָט פאַרמשפּט אַ יונגעל,
אַז מ׳מעג אים אָפּזאָגען פון זיין שטעלע, דערפאַר, וואָס ער האָט
צוגענומען אונטערגעוואָרפענע 35 קאָפּ. (דער בעל-הבית האָט עס
אויסגעקוקט), און די ריכטער האָבען נישט בעקלערט, וואָס עס קען
פון אים ווערען“.

אונטערגעשריבען: „אַ בלעטערמאַכער“.

יעדער, וואָס האָט געלייענט דידאָזיגע בעמערקונג, האָט גע-
קענט שפּירען, אַז זי איז אַרויסגערופען נאָר דורך אַנ׳איידעל האַרץ,
וועלכעס האָט דעם שרייבער געצוואונגען אָפּצוהייבען זיין שטימע צו
פאַרטיידיגען דאָס אָרימע יונגעל. ער פאַרשטייט, אַז נישט יעדעס
יונגעל, וואָס נעמט-צו עטליכע קאָפּיקעס, איז שוין אַ גנב; אויך
פאַרשטייט ער, אַז אויסבעסערן אַ קליינעם גנב קען מען מיט אַנדע-
רע מיטלען, און נישט דורך דעם, וואָס מ׳וועט אים אַרויסוואַרפען
אַף דער גאַס.

אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָכדעם ווי די בעמערקונג איז אָפּגע-
דרוקט געוואָרען, איז דער „בלעטערמאַכער“ ווידער געקומען אין רע-
דאַקציע און האָט געבראַכט די פאָלגענדיגע „אַנטשולדיגונג“, וועלכע
דער פאַך פון די בלעטערמאַכער האָט אים אָנגעשריבען און בעפוילען
אָפּצודרוקען אין „וועג“, אויב ער וויל נישט אויסגעשלאָסען ווערען
פון פאַך:

„אַזוי ווי איך האָב מיסגעטיילט אין אָווענטבלאַט פון „וועג“
נומר 132, אַז דער פּראָפעסיאָנעלער פאַך פון בלומען-און בלעטער-
מאַכער, אונטער דער אָנפירונג פון „בונד“, האָט פאַרמשפּט אַ יונגעל,

וואָס מ'מעג אים אַרויסוואַרפען, איז די גאַנצע געשיכטע אַ ליגען. ערשטענס, ווען די פּראָפעסיאָנעלע פאַכען, וועלכע דער „בונד" האָט אָרגאַניזירט, אַזעלכע זאַכען נישט טון. צווייטענס, האָט נישט געמשפט דער פּראָפעסיאָנעלער פאַך פון בלעטער- און בלומענמאַכער, נאָר דער פאַבריקאַנט האָט איינצעלנע מענשען געפרעגט, צו האָט ער דאָס רעכט אָפּצוזאָגען אַ יונגעל, וועלכעס איז אַ גנב, האָבען זיי געענטפערט: יאָ. און דריטענס, בין איך געוואָר געוואָרען, אַז דאָס יונגעל איז טאַקי אַ גנב, און פאַר אַ גנב דאַרף מען זיך נישט אָננעמען. דאַרום בעט איך איבער אַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַכען, וועלכע גייען אונטער דער אָנפירונג פון „בונד", מיך צו אַנטשולדיגען. מער וועט דאָס נישט פאָרקומען. אויך בעט איך אַנטשולדיגונג בא אַ חבר, וועלכען איך האָב שטאַרק בעליידיגט. איך פאַרזיכער זיי, אַז דאָס וועט שוין מער נישט פאָרקומען.

„אַכטונגספאָל משה לעווין".

אין וואָס זשע בעשטייט דער חטא פון משה לעווין, דעם בלע-טערמאַכער?

אין דעם, וואָס ער האָט מיטגעטיילט, אַז געמשפט דאָס יונגעל האָט דער פאַך, און אין דער ווירקליכקייט איז דאָס יונגעל געמשפט געוואָרען דורך דעם פאַבריקאַנט.

עס זאָל זיין אַ גרויסע זינד, זייען מיר נישט. יעדער רעפּאָר-טער קען האָבען אַזאַ טעות, און קיין שום רעדאַקציע וועט אים דערפאַר צום שאַנדסלופּ נישט אַרויסשטעלען. דאַכט זיך, עס וואָלט גענוג געווען, אַז דער בלומענבלעטערמאַכערפאַך זאָל געווען אַליין אַריינשיקען אין רעדאַקציע אַן הכחשה. דאָס וואָלט געווען פיל שענער, ווי נאָכשפּיאָנירען און אויספאָרשען, ווער דער אַנאָנימער „בלעטער-מאַכער" איז, און אים צווינגען אַזאַ מגילה אונטערצוחתמ'נען...

און אין דער מגילה איז יעדעס וואָרט אַ פּערל. די לאָגיק אַליין איז ווערט גאָלד און זילבער.

מ'האָט געצוואונגען דעם יונגענמאַן צו דערקלערען פאַר דער גאַנצער וועלט אַ נייעם מאָראַלען פּרינציפּ: „פאַר קיין גנב דאַרף מען זיך נישט אָננעמען!" פון היינט אָן וועלען מיר וויסען, אַז דער וואַרשעווער בלומען- עט בלעטערמאַכערפאַך איז געווען דער, וועל-כער האָט ענדליך אַנטשידען איינע פון די שווערסטע פראַגען אין דער

מאָראַל און קרימינאַליסטיק... מיר מיינען, אַז דער „בונד" וועט נישט צייגערן אים צו שטעלען אַ דענקמאָל באַם לעבען...

„דאָס יונגעל איז טאַקי אַ גנב", — הייסט עס, אַז דער פאַך האָט יאָ געמעגט אים אַזוי שטרענג צו בעשטראָפען, — און פונדעסט-וועגען: „די פּראָפעסיאָנעלע פאַכען, וועלכע דער „בונד" האָט אָרגאַני-זירט, וועלען אַזעלכע זאַכען נישט טון".

און מ'צווינגט דעם יונגענמאַן בעטען „אַנטשולדיגונג", ערשטענס באַ דעם פאַך, וועלכען ער האָט „בעליידיגט", און צווייטענס, באַ אַלע (!) פּראָפעסיאָנעלע פאַכען, וועלכע גייען אונטער דער אָנפירונג פון „בונד"!

פאַרוואָס שוין נישט באַ אַלע פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען פון גאַנץ רוסלאַנד? אָדער פון דער גאַנצער וועלט? פאַרוואָס שוין נישט באַ דער לבנה מיט די שטערן אויך??

דאָס איז נאָך ווייניג, מ'צווינגט דעם אומגליקליכען, אָפען, פאַר דער גאַנצער וועלט צו דערקלערען דאָס הויפּטדאָגמאַ וועגען אונפעלבאַרקייט פון דעם פויפּסט... פאַרדאָן — פון דעם „בונד": „די פּראָפעסיאָנעלע פאַכען, וועלכע דער „בונד" האָט אָרגאַניזירט, וועלען אַזעלכע זאַכען נישט טון"...

שוין צייט, אַז די אָפיציעלע פאַרפאַסער פון אַזעלכע אַרט „אַנטשולדיגונגען", מ'שטיינסגעזאָגט, זאָלען פאַרשטיין, ווי זיי דערניד-ריגען מיט דעם די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיי ווילען אַף אַזאַ דרך בעדעקען מיט אַנ'אונשטערבליכען גלאַנץ.

דאָס איז אַ פאַלשער גלאַנץ!

„דער וועג", 1906, נ' 137.

4 (17) אָקטאָבּר.

## „Goimi i Żydzi".

שבת, האַלבּ—7 אין אָוועֶנט, איז אין זאַל פון דער טעֶכנישעֶר געֶזעֶלשאַפט (וולאָדזימעֶרסקאַ 5) פאָרגעֶקומעֶן אַ פאַרזאַמלונג אַף די טעֶמאַ „גוים און יידעֶן".

ה׳ וואָיצעֶך שוקעֶוויטש איז זעֶר אַ סימפּאַטישעֶר און אָפעֶנ-העֶרציגעֶר מעֶנש, ווי אַנ׳אמת׳עֶר דעֶמאָקראַט, וועלכעֶר איז פרעֶמד פון יעֶדעֶן פאָראורטייל. אים פיניגט צוצוזיין די פאַרשידעֶנעֶ סאָציאַלעֶ און געֶזעֶלשאַפטליכעֶ אומגעֶרעֶכטיגקייטעֶן—, צווישעֶן זיי אויך דעֶם אַנטיסעֶמיטיזם. אין זיין פאָרלעֶזונג, ווי געֶזאָגט, בּעֶצויבּעֶרט די צו-העֶרער דעֶר עֶרנסטעֶר און עֶרליכעֶר, פון טיפעֶן האַרצעֶן כּליסעֶנדיגעֶר טאָן. ה׳ שוקעֶוויטש איז אַ מעֶנש, און, אַלס אַזעֶלכעֶר, האָט עֶר געֶפונעֶן די איינציג ריכטיגעֶ און פּאַסעֶנדיגעֶ בּעֶציונג צו די יידעֶן: עֶר בּעֶציט זיך צו זיי, ווי צו מעֶנשעֶן. עֶר האָט זיי נישט פיינט, האָט זיי, אָבּעֶר, אויך נישט „ליבּ". עֶר פּראָטעֶסטירט געֶגעֶן די יידשעֶ בּעֶ-גרעֶנצונגעֶן, אָנעֶרקעֶנט, אָבּעֶר, אויך נישט קיין בּעֶזונדעֶר עֶקזאָטישעֶ ליבּעֶ צו די יידעֶן. מ׳דאַרף נישט זיין קיין יידעֶנליבּהאָבּעֶר, קיין פי-לאָסעֶמיטעֶן, — זאָגט ה׳ שוקעֶוויטש, — מ׳דאַרף נאָר זיין אַ מעֶנש און זיך בּעֶציעֶן צו אַלעֶ מעֶנשעֶן גלייך, צו די יידעֶן, ווי צו די איבּעֶריגעֶ.

דעֶר נעֶגאַטיוועֶר טייל פון ה׳ שוקעֶוויטש׳ס פאָרלעֶזונג איז גלעֶנצעֶנדיג. דאָרט, וואו עֶר בּעֶקעֶמפפט דעֶם אַנטיסעֶמיטיזם, איז עֶר פּראַכטפאָל. זיינעֶ בּעֶווייזעֶן געֶגעֶן אַנטיסעֶמיטיזם זעֶנעֶן קיין סעֶנטימעֶנ-טאַלעֶ, — נישט וועֶגעֶן רחמנות רעֶדט עֶר, — עֶר פאָדעֶרט געֶרעֶכטיג-קייט, — עֶר רעֶדט אין נאָמעֶן פון די טיפסטעֶ דעֶמאָקראַטישעֶ פּרינ-

ציפּען. און זײַן קריטיק פון דעם אַנטיסעמיטיזם איז פול מיט פאַר-
אַכטונג, מיט גיפט. ער שפּײַט די אַנטיסעמיטען גלײַך אין פּנים.

אין דעם פּאָזיטיווען טײל פון זײַן פאָרלעזונג איז ה׳ שוקע-
וויטש שוין אַביסעל שוואַכער. צום בײַשפּיל: ער אָנערקענט נישט
די יידען פאַר קײן פאָלק, ד. ה. זײַן איבערצײַגונג איז, אַז די
יידען זענען נישט קײן נאַציע. דעריבער וואָלט ער וועלען, אַז די
יידען זאָלען זיך אַסימילירען. ער איז אַף אַזויפיל נאַיוו, אַז ער
גלייבט, דאָס אַזאַ אַסימילאַציע איז נישט נאָר מעגליך, נאָר זי איז גאָר
אַ לײַכטע זאַך. מ׳דאַרף אַגיטירען קעגען דער יידישער קאַפּאָטע און
עפענען אומזיסטע פּוילישע אָנפאַנגסשולען פאַר די יידישע קינדער.
אַף דעם אָרט ווערט ער אַזוי אוטאָפּיסטיש, אַז ער לעגט-פאָר צו
גרינדען אַ סעמינאַריום, וועלכעס זאָל ספּעציעל צוגרײַטען לערער פאַר
די יידישע שולען. די לערער דאַרפען זײַן פּאָליאַקען און קענען
זהעברײַאיש! די „פינסטערע יידישע מאַסע רעדט זשאַרגאָן נאָר דער-
פאַר", וואָס די פּאָליאַקען האָבען זיך ניט בעמיט די יידען צו פּאָ-
לאָניזירען. ה׳ שוקעוויטש ווייסט, אַפּנים, נישט, אַז „זשאַרגאָן"
רעדט נישט נאָר די מאַסע, אַז „זשאַרגאָן" איז אַ פאָלקאָם קולטורעלע
שפּראַך, אַז „זשאַרגאָן" האָט אַ גרויסע ליטעראַטור, אַ פּרעסע, אַ
טעאַטער! ער פאַרשטײט ניט, אַז עס איז נישטאָ קײן קראַפט אין
דער וועלט, וועלכע זאָל קענען צווינגען אַ פאָלק צו פאַרגעסען זײַן
לעבעדיגע שפּראַך. ה׳ שוקעוויטש חזר׳ט איבער אויך די פאָל-
גענדיגע זייער קאָמישע לעגענדע: ער סטראַשעט די פּאָליאַקען, אַז
אויב דער „זשאַרגאָן" וועט ווײַטער בלײַבען די יידישע פאָלקסשפּראַך,
וועט זײַן אַנטוויקלונג ברענגען דערצו, אַז ער וועט זיך צונאַ-
מענגיסען מיט דער דײַטשישער שפּראַך, און די יידען וועלען ווערען
דײַטשען, טרעגער פון דער דײַטשישער קולטור, און דאַן, נאַטירליך,
וועלען זיי בילדען אַ פײַנטליכען און, דעריבער, שעדליכען עלעמענט
אין פּוילען.

ער גלייבט נישט אין די צוקונפט פון׳ם יידישען נאַציאָנאַליזם,
וועלכען ער רעכענט פאַר אַ געקינסטעלטען. ער רופט, דעריבער,
צום אידעענקאַמפּף מיט דעם יידישען נאַציאָנאַליזם און מיט דעם
ציוניזם. אָבער נאָר צו אידעענקאַמפּף. ווײַל, אָבער, — אין וואָס ער
גלייבט נישט, — דער יידישער נאַציאָנאַליזם יאָ האָבען אַ קיום, — דאַן,
— זאָגט ה׳ שוקעוויטש, — דאַרף דאָס נישט זײַן קײן סבה צו

פײַנטשאַפטליכער בעציִונג צו ייִדען. ה׳ שוקעוויטש פאָדערט דאַן אַכטונג צו דער יונגער ייִדישער נאַציע, און אַלע נאַציאָנאַלע רעכט פאַר איר. כאָטש זי וועט זײַן אין דער מינדערהייט.

בכלל בעווײַזט די צווייטע העלפט פון דער פאָרלעזונג, אַז ה׳ שוקעוויטש האָט זער אַ שוואַכען און נעפעלדיגען בעגריף וועגען דער רעאַלער ייִדישער ווירקליכקייט. דעריבער האָט די פּאָזיטיווע זײַט פון זײַן רעפעראַט קיין שום ערנסטען ווערט נישט. די נעגאַטיווע זײַט איז, אָבער, אַזוי שיין, אַז די גאַנצע פאָרלעזונג האָט אַ גרויסע בעדײַטונג פאַר דעם קאַמפּף מיט דעם אַנטיסעמיטיזם אין וואַרשאָ, פאַר דעם קאַמפּף פאַר דעם אמת׳ען דעמאָקראַטיזם. לײַדער, זענען, אָבער, אַף דער פאָרלעזונג געוועזען מער ייִדען, ווי „גוים“, ווי ה׳ שוקעוויטש רופט די פּאָליאַקען.

צום שלוס פון אונזער בעריכט מוזען מיר אונטערשטרייכען נאָכ-אַמאָל די אָפענהערציגקייט און ערליכקייט פון דער פאָרלעזונג. די פעלערן, וועלכע געפינען זיך אין איר, ווערען דערקלערט, ווי גע-זאָגט, דורך דעם, וואָס ה׳ שוקעוויטש איז שוואַך בעקאַנט מיט׳ן ייִדישען לעבען. עס איז, אָבער, צו האָפען, אַז גאָר גיך וועט ער זײַנע פעלערן אָנערקענען און אויסבעסערן.

נאָך דער פאָרלעזונג איז פאָרגעקומען פאָלגענדיגע זער כאַראַק-טעריסטישע סצענע. ה׳ שוקעוויטש׳ען האָט עמיצער איבערגעגע-בען, אַז איך האָב געפונען אין דעם פּאָזיטיווען טייל פון זײַן רעפע-ראַט זער פיל שוואַכע ערטער און אומבעקאַנטשאַפט מיט דער זאַך. ער איז באַלד צוגעקומען צו מיר:

— ווייזט מיר אָן מײַנע פעלערן, איך בין נאָך יונג, איך וועל זיך לערנען!“

און ווער עס וויל זיך לערנען, וועט געוויס דערגייִן דעם אמת!

„דער וועג“, 1906, № 221.

וואַרשאַ, 9 (22) אָקטאָבּר.

## צוּ דעֶר געֶשׁיִכטעֶ פוּנ'ם באַנדיִטיִזיִם איִן וואַרשאַ.

דיִ לעֶצטעֶ טעֶג איִז דעֶר פּאָליִציַי געֶלוּנגעֶן צוּ אַנטדעֶקעֶן איִן וואַרשאַ אַ גאַנצעֶ אָרגאַניִזאַציִעֶ פוּן באַנדיִטעֶן, וועֶלכעֶ האָט אַ לאַנגעֶ צײַט געֶאַרבּעֶט איִן שטאָדט אוּן איִן דעֶר אוּמגעֶגעֶנד, אוֹיספּיִרעֶנדיִג דיִ דרייִסטסטעֶ רוֹיבּעֶרײַעֶן.

וויִ עֶס האָט אַרוֹיסגעֶוויִזעֶן דיִ אוֹיספאָרשוּנג, האָבּעֶן דאָס רוֹב מיִטגליִדעֶר פוּן דעֶר אַנטדעֶקטעֶר שאַיקעֶ געֶשטאַמט פוּן אָרטיִגעֶ רעֶוואָלוּציִאָנעֶרעֶ אָרגאַניִזאַציִעֶס, אוּן האָבּעֶן זייִעֶר צײַט געֶהעֶרט צוּ דיִ טיִכטיִגסטעֶ אוּן איִבּעֶרגעֶבּעֶנסטעֶ מיִטגליִדעֶר פוּן זייִעֶרעֶ פּאַרטייִעֶן. דיִ שאַיקעֶ האָט זיִך געֶבּיִלדט פוּן 2 געֶוועֶזעֶנעֶ אַרבּעֶטעֶראָרגאַניִזאַציִעֶס: „זמאָוואַ ראָבּאָטניִטשאַ" אוּן דיִ „קאַמפּפאָרגאַניִזאַציִעֶ פוּן ס. ד."

וועֶגעֶן דיִדאָזיִגעֶ 2 אָרגאַניִזאַציִעֶס לייִעֶנעֶן מיִר איִן אַלעֶ וואַרשעֶווער צײַטוּנגעֶן, וויִ אוֹיך איִן „וועֶג" *):

„מיִט אַ האַלבּ יאָר צוּריִק איִז אַנטשטאַנעֶן אַ פּאַרטיַי „זמאָוואַ ראָבּאָטניִטשאַ".

„איִר ציִל איִז געֶוועֶן: קאָנפיִסקיִרעֶן געֶלט בּאַ דעֶר רעֶגיִרוּנג אוּן פעֶרמעֶגליִכעֶ מעֶנשעֶן, כדי צוּ פאַרשטאַרקעֶן דיִ מיִטלעֶן פוּן דיִ טעֶראָריִסטיִשעֶ פּאַרטייִעֶן אַף קוֹיפעֶן געֶוועֶר אוּן אַף אַ בּעֶוואָפעֶנטעֶ רעֶוואָלוּציִעֶ.

„דאָס פּראָגראַם איִז, אָבּעֶר, קייִנמאָל ניִשט פאַרוויִרקליִכט געֶ-

---

*) № 221. —

וואָרען, ד. ה. דאָס געראַבירטע געלט איז קיינמאָל ניט אַרויס פון דער באַנדע „זמאָווא ראָבאָטניטשאַ“. צוליב דעם זענען די סאָציאַליס-טישע פּאַרטייען, וועלכע האָבען „דורך די פינגער“ געקוקט, ווען די „זמאָווא“ האָט זיך אָרגאַניזירט, יעצט געגען איר אַרויסגעטרעטען סע-טיג און האָבען זי אין זייערע צייטונגען איינציגע מאָל פאַראורטיילט. אָבער די פאַרטיי „זמאָווא ראָבאָטניטשאַ“ האָט וועניג וואָס געקוקט אַף דעם, ווייל זי האָט געהאַט אַ זעלטענע אייגענע קאַמפּפאָפטיילונג“.

און ווייטער:

„לויט ווי די אַרעסטירטע האָבען זיך מודה געווען, האָט זיך די צווייטע באַנדע אָרגאַניזירט צוליב פאָלגענדיגער אורזאַך:

„די פאַרוואַלטונג פון ס. ד. האָט פאַראָרדענט איינציגע פון די מיטגלידער צו מאַכען אַנ׳אָנפאַל אַף די 4-טע געזעלשאַפט פון געגענ-זייטיגען קרעדיט. די מיטגלידער האָבען עס מיט ערפאָלג דערפילט און האָבען די בעדייטענדיגע צוגענומענע סומע געלט איבערגעגעבען דער פאַרוואַלטונג. די לעצטע האָט דאָס געלט צוגענומען און האָט די אָנפאַלער געגעבען אַלס גראַטיפיקאַציע צו 5 רובל. די „טיכטיגע באָיאָווצעס“ זענען אונצופרידען געווען מיט אַזאַ קליינער בעלוינונג, און האָבען באַ זיך בעשטימט צו מאַכען ווייטער אָנפאַלען אָהן וויסען פון דער פאַרטיי“.

איצט האָבען מיר דערהאַלטען אַ בריוו, וועלכער בעשטעטיגט די אינפאָרמאַציע וועגען דער ערשטער אָרגאַניזאַציע, ד. ה. וועגען דער „זמאָווא ראָבאָטניטשאַ“.

דער בריוו איז זער אינטערעסאַנט, און מיר ברענגען אים וואָרט אין וואָרט:

„געערטע רעדאַקציע! מיר בעטען אייך צו פאַרעפענטליכען אין אייער צייטונג די גענויסטע דערקלערונג איבער דער פאַרטיי „זמאָווא ראָבאָטניטשאַ“.

„די רעוואָלוציאָנערע „זמאָווא ראָבאָטניטשאַ“ מיט אירע אונפּענג-ליכע גלענצענדיגע אָבזיכטען איז צוריסען און פאַראורטיילט געוואָרען איבער איר אונפאָרזיכטיגקייט; זי האָט אין אירע ערנסטע קעמפּפערריי-הען אָפּגענומען טויגעניכטסען און גאַסענרייבער, בלוטגיריגע נאָך געוואַלטטאַטען. די לעצטע האָבען אַזוי לאַנג געאַרבעט, ביז עס איז זיי, ענדליך, געלונגען צו בערויבען אַלץ, וואָס איז געווען בעשטימט פאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקען. נאָכהער האָט זיך די באַנדע ווידער

פּאַראײניגט מיט אױסװאורפען פון אַנדערע פּאַרטײען. די אָפּערירענ-דיגע שאַיקעס האָבען געהאַט פאַרשידענע פּלענער, צו רױבען און מאָרדען אונטער דער מאַסקע פון די פּאַרטײען, צו װעלכע זײ האָבען פריער געהערט.

„דער בעװאוסטזיניגער אינטעליגענטער טײל, אָבער, פון דער „זמאָװאַ ראָבאָטניטשאַ" האָט זיך אָפּגעטײלט און אױפסנײ געגרינדעט אַ בעזונדערן קאָמיטעט: „Komitet zmowy robotniczej"

„זײן פּראָגראַם איז פאָלגענדיגס: בעשעפטיגען זיך מיט דעם אַנאַרכיזים, אַלס פילאָזאָפישען אידעאַל, נישט אױסנוצענדיג פאַר רױ-בערישען צװעק. דער „קאָמיטעט זמאָװי ראָבאָטניטשעי" איז איבער-הױפּט געגען אַלע געװאַלטטאַטען און באַנדיטיזם. ער שטרעבט בלױז צו שאַפען ברױט פאַר הונגעריגע אַרבעטער, נישט מיט רעװאָלװערען אין האַנט, זאָנדערן אַפ׳ן פרידליכען װעג. אין דיזער הינזיכט איז דער קאָמיטעט ענליך צו אַ װאָלטעטיגען אַנשטאַלט. צום בעדױערן, פעלען אים מאַטעריעלע מיטלען, דען די רײכע קלאַסען ליבען נישט אין יעצטיגער שלעכטער צײט צו שטיצען. די װאָהלאָבענדיגע דאַרפען פאַר-שײן, זעלבסט די ביטערע ערפאַרונג האָט געצײגט, דאָס װען מענ-שען זענען פאַראורטײלט צו הונגערן, װערען זײ, אױס בעשטירצונג און פאַרצװײפלונג, געשלײדערט אין די רײהען פון באַנדיטען, עקס-פּראָפּריאַטאָרען, קאָמבינאַטאָרען. הונגער-שמאַכטענדיגע מענשען פאַר-קױפען די אײדעלסטע געפילען פאַר אַ שטיקעל ברױט. מ׳קאָן נישט פערבאַנדען אַזעלכע מענשען, װאָס פאָדערן ברױט, אום זאַט צו זײן,— בלױז זײ זאָלען נישט מיט גע װ אַ ל ט פאָדערן.

„דער קאָמיטעט „זמאָװי ראָבאָטניטשעי" קאָן פאַרעפענטליכען פאַר-שידענע פאַקטען פאַר דער געזעלשאַפטליכער מײנונג, אום צו בעװײ-זען, װי װײט ער האָט קײנע בעציהונגען מיט די רױבערישע באַנדעס, װיפיל באַנדיטען ער האָט באַ די אָנפאַלען פאַרטריבען אָדער אַנט-װאָפּענט. צום בײשפיל, אײן פאַקט: אַף פּאַװיאַ-גאַס 15, אין דער קאַנטאָר פון זײף און פאַרפומעריע, האָבען פאַרשידענע באַנדיטען עט-ליכע מאָל אָנגעפאַלען צו ראַבירען, נאָר, װי נאָר דער „קאָמיטעט זמאָװי ראָבאָטניטשעי", האָט זיך דערװאוסט דערפון, האָט ער די גאַנ-צע באַנדע אַרעסטירט און אַנטװאָפּענט. און דאָס איז נישט דער אײנ-ציגער פאַקט".—

אַף דעם בריװ געפינען זיך 2 שטעמפּלען,— אַ פּױלישער און אַ

ייִד.שער, — ביידע פון דעם „קאָמיטעט זמאָווי ראָבאָטניטשעי״.

געוויינליך, איז אין דער טרויעריגער דערשײַנונג, וואָס פּאַרטיי־לײַט גייען איבער אין די באַנדיטענרייהען, פּיל שולדיג דער מאָמענט אַליין. אין די געוויסע מאָנאַטען פון פאָריגען יאָר, אין סעפּטעמבער, אָקטאָבער, און איבערהויפּט אין די זאָגענאַנטע פרייהייטסטעג, נאָך דעם 17־טען אָקטאָבער־מאַניפעסט, זענען אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען זיך זער צוואַקסען. גרויסע מאַסען פון האַלב־בעוואוסטזיניגע אָדער אונ־וויסענדיגע אַרבעטער האָבען זיך מיט אַ ברייטען און טיפען שטראָם אַ גאָס געטון אין די רייהען פון סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס. נאַטירליך, האָבען די אָנפירער פון די פּאַרטייען פאַרלוירען די מעג־ליכקייט צו פירען אַ טיפע, דורכדרינגענדיגע אַגיטאַציע, און האָבען גע־מוזט זיך בעגנוגענען מיט אַנ׳אויבערפלעכליכער דערקלערונג פון די פּרינציפּען און אידעאַלען פון זייער פּאַרטיי. אַף אַזאַ אופן האָבען כמעט אַלע אָהן אויסנאַם פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען אײַנגעזויגט אין זיך זער פיל עלעמענטען, וואָס פאַרמאָגען נישט דאָס עלעמענטאַרסטע פּאָליטיש גלייכגעוויכט און קאָנען שטענדיג ווערען אַ שפּילצײַג פון די אַנאַרכיסטישע טענדענצען, וועלכע אַנטשטייען אין יעדער געזעל־שאַפט אין צײַט פון אַ טיפען און לאַנג דויערנדיגען קריזיס.

ווען זיי האָבען זיך בעגעגענט מיט דעם אַנאַרכיסטישען שטראָם, וועלכער האָט זיך ווי אַם בעסטען געפּאַסט צו זייער צוטומעלטער, דאָך טאַפּפערער פּסיכאָלאָגיע, האָבען זיי זיך דערשפּירט, ווי פיש גע־בען וואַסער, און האָבען זיך מיט׳ן קאָפּ, ווי מען זאָגט, אַ וואָרף־גע־טון אין די ברויזענדיגע כוואַליעס פון דעם באַנדיטיזם...

פעסטשטעלענדיג די וויכטיגע ראָלע פון דעם פּאָליטישען און בע־זונדערס פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען מאָמענט פונ׳ם פּאָלקסלעבען אין דער אַנטוויקלונג פונ׳ם באַנדיטיזם, מוזען מיר זײַן אָביעקטיוו, און אָנערקענען, אַז אויך אַף דער פּאַרטייליטונג פון געוויסע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס ליגט אַ בעדייטענדיגע שולד פאַר דעם, וואָס אײַנצעלנע מיטגלידער פון דידאָזיגע אָרגאַניזאַציעס, און זאָגאַר גאַנצע גרופּען, האָבען זיך אַריבערגעשליידערט צו דעם טעטיגען אַנאַרכיזם און צו דעם אײַנפאַכען רויבערבאַנדיטיזם.

די וואַרשעווער אײַנוואוינער געדענקען נאָך אַודאי, ווי אין די אָקטאָבערטעג, און נאָכדעם, פלעגען פאָרשטייער פון פאַרשידענע היגע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, אין נאָמען פון דער פּאַרטיי, מיט איר

בעפּאָלמעכטיגונג און שטעמפּעל, מיט רעוואָלווערען אין די הענט, פאָדערן באַ פּריוואַטפּערזאָנען געלט אָדער שוה-כּסף.

— אונזער פּאַרטיי האָט אַראָפּגעלעגט אַף איך אַ שטייער פון 1000 רובל,“—מיט די ווערטער איז מען געקומען צו איינעם, מיינעם אַ בעקאַנטען. און מיט פאַרשידענע דראָהונגען האָט מען באַ אים אַרויסגעקוועטשט 600 רובל. און דערדאָזיגער מענש האָט געהאַט אי-בערצייגענדיגע בעווייזען, אַז פאַר אים שטייען נישט באַנדיטען, נאָר ווירקליכע פאָרשטייער פון אַ סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

און אַזעלכע פאַלען האָט מען אין די לעצטע מאָנאַטען פון פאָריגען יאָר געקאָנט אָנצייגלען אַף די טויזענטער. נייטיגענדיג זיך אין געלט אַף צו שטיצען די אַרבעטלאָזיגע און די שטרייקענדיגע און אַף געוועהר, און נישט האָבענדיג קיין קוועלע, פון וואַנען דאָס-דאָזיגע געלט צו קריגען, האָבען פאַרשידענע אַרבעטערארגאַניזאַציעס אַריינגעפירט אין זייער טאַקטיק אַ פּרינציפּ, וועלכער שטייט אין טי-פען ווידערשפּרוך מיט די פּרינציפּען פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, אַ ריין-אַנאַרכיסטיש-באַנדיטישען פּרינציפּ פון צוואַנגעקספּראָפּריאַציע פון פּריוואַטגעלט. דערביי האָבען די פירער פון אַזעלכע פּאַרטייען, די קאָמיטעטען, צענטראַלע און אָרטיגע, זיך נישט געגעבען די מי פאַר-אויס אויסצורעכענען די שווערע פאָלגען פון דער דעמאָראַליזאַציע, וועלכע די אַנאַרכיסטישע טאַקטיק האָט אונבעדינגט געמוזט אַריינפירען אין די רייהען פון דעם פּראָלעטאַריאַט. און ווירקליך, נישט אַריבער-געגאַנגען איז אַ מאָנאַט נאָך דער אָנווענדונג פון דער נייער טאַקטיק, ווי עס האָבען זיך אָנגעהויבען צו אַנטוויקלען אין די וואַרשעווער און פּראָווינציעלע אַרבעטערמאַסען לומפּענפּראָלעטאַרישע אינסטינקטען מיט קליין רויבעריי. שוין ענדע אָקטאָבער 1905 זענען פאָרגעקומען צענד-ליגער פאַקטען אין וואַרשא, ווען קליינע „סאָציאַליסטען“-אַגיטאַטאָרלעך זענען געקומען אין שוכגעוועלבער, קליידערגעשעפטען, קאָלאָניאַל-קראָמען, און האָבען „עקספּראָפּריאירט“, אין נאָמען פון דער פּאַרטיי און מיט דער קראַפט פון דעם רעוואָלווער, אַ פּאָר שטיוועל, אַ פּאָר הויזען אָדער אַ פונט צוקער. דאָסזעלביגע האָבען אָנגעהויבען נאָכ-צוטון מיטגלידער פון די קלענערע פּאַרטייען. אין וואַרשא איז אַנטשטאַנען אַן עפּידעמיע פון דראָבנע עקספּראָפּריאַציעס.

די פּאַרטייליטונג פון „בונד“ האָט זיך גיך אַרומגעקוקט און האָט אָנגעהויבען צו קעמפּפען מיט דער דעמאָראַליזאַציע אין די רייהען

פון זײַנע מיטגלידער. לענגער פון אַלעס האָבען זיך געהאַלטען בײַ דער אַנאַרכיסטיש-באַנדיטישער טאַקטיק די קלענערע פּאַרטייען. יעצט האָבען זיי אויך דערזיין זייער פעלער. די אָנשטעקונג איז, אָבער, געבליבען.

איצט קעמפּפען אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אָהן אויסנאַם, ענערגיש און אונערבאַרמליך געגען באַנדיטיזם. עס איז, אָבער, שווער, זער שווער, כמעט אונמעגליך אויסצוטיליגען דעם גיפט, וועלכער האָט אַ געוויסע צײַט געהאַט די ברייטסטע פרײַהײַט און האָט זאָגאַר געהאַט דעם הויכען טיטעל פון איינעם פון די עלעמענטען אין דער פּאַרטייטאַקטיק...

די ביטערע דערפאַרונג דאַרף טיף אַרײַנדרינגען אין דעם זכרון פון די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטייליטונגען און אָרטיגע אָנפירער, און דאַרף אײַנפליסען די פעסטע איבערצײַגונג, ווי פּאָרזיכטיג מען דאַרף זײַן אין פראַגען פון פּאַרטייטאַקטיק, בעזונדערס דאָרט, וואו זי שפרײַזט אַריבער די גרענעץ פון די סאָציאַלדעמאָקראַטישע טראַדיציעס.

„דער וועג“, 1906, נ׳ 225.

ווארשא, 11 (24) אָקטאָבר.

# וועגען מענשענס לעבען.

אין אָוועגטנומער פון „וועג" № 221 איז געווען אָפגעדרוקט פאָלגענדיגע קאָרעספּאָנדענץ פון ראַדאָם:

„שמחת-תּורה איז בּאַ אונז אין שטאָדט פאָרגעקומען אַ שרעקליכער מאָרדטאַט, וועלכער האָט אָפּגערייגט די גאַנצע יידישע בּעפעלקערונג און אויך די גאַנצע שטאָדט אַף די העכסטע מדרגה. ה' מאיר גראָס-פעלד, אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, 42 יאָר אַלט, איז, צוריקקערענדיג פון שול, בּעפאַלען געוואָרען דורך אונבּעקאַנטע מער-דער, און מיט אַ בּרוינינג שטערבּליך פאַרוואונדעט. אין צוויי שטונדען אַרום איז ער, נאָך שווערע ליידען, געשטאָרבּען. אַלס סיבה פון דער רציחה גיט מען איבּער, אַז ער האָט, אין כּעס, אַ פּאַטש געגעבּען איינעם אַ יונגענמאַן, וואָס האָט אים גראָבּ געזידעלט און בּעליידיגט. דערפאַר האָט ער מיט דעם לעבּען בּעצאָלט אין איבּערגעלאָזט אַ פרוי מיט 9 קינדער.

„דער כּעס און דערבּיטערונג פון דער בּעפעלקערונג איבּער אַזאַ טאַקטיק האָט קיין גרענעץ. פיל מער, דאָס אין גאַס זענען שוין פאָרגעקומען נייע אָנפאַלען, מיט געשלעגערייען, און טויטאורטיילען אַף נייע פערזאָנען, מיט דעם „בּונד'ס" רויטען שטעמפּעל, זענען פאַרטיילט געוואָרען פער פּאָסט 13 נייע פערזאָנען...

„און די פאַרטייפאָרשטייער פון „בּונד" שווייגען... צי זאָל דאָס בּעדייטען אַ צושטימונג צו דער שרעקליכער רציחה, אָדער צי איז שוין גאָר קיין בּונדיסטישע פאָרשטייער נישט פאַראַן אין ראַדאָם, נאָר

פּשוט׳ע באַנדיטען נוצען-אויס דעם שטעמפּעל און דעם נאָמען פון דער פּאַרטיי צוליב זייערע בלוטדורשטיגע אינסטינקטען?

„סיי-ווי-סיי, די ווילדקייט און צולאָזענקייט שטייגט פון טאָג צו טאָג, און אַ שרעקליכע פראַגע עגבערט יעצט די מוחות: צי דאַרף מען זיך ריכטען נאָך אַף נייע רציחות, אָדער עס וועט שוין גענוג זיין מיט דעם ערשטען אונשולדיגען אָפּער?״—

אין אַ צוויי טעג אַרום האָט די רעדאַקציע דורך דער פּאָסט דערהאַלטען פאָלגענדיגען בריוו:

„ענטפער צו דער ראָדאָמער בעפעלקערונג. —

אַזוי ווי איר זענט זער אָפּגעריגט וועגען דעם אָנפאַל אַף מאיר גראָספעלד, וואָס מערדער זענען אים בעפאַלען און דער-שאָסען, זאָ געבען מיר, וואַרשעווער אַרבעטער, אייך צו דערקלערען, אַז די אָנפאַלער זענען געווען אַרבעטער, וועלכע האָבען זיך דער-וואוסט פאַקטיש, אַז מאיר גראָספעלד איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר.

„אַצונד האָבען מיר אַ ריכטיגען פאַקט, אַז ער איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר: אַזוי ווי ער איז געוואָרען דערשאָסען, האָט ער גלייך אַרויסגענומען פון טאַש אַ צעטעל און האָט עס דער פּרוי איבערגע-געבען און געזאָגט: „נאַ דיר, דאָ האָסטו פאַרשריבען 16 אַרבעטער״.
— דאָס האָבען מיר, וואַרשעווער אַרבעטער, אויך געזיין. מיר זענען אין דערזעלבער צייט געווען אין ראַדאָם, און אַצונד בעטען מיר, וואַרשעווער אַרבעטער, די גאַנצע ראַדאָמער בעפעלקערונג און די פאַמיליע גראָספעלד, אַז יעצט זאָלען זיי זיך בערויגען, כדי עס זאָל נישט אַרויסברענגען קיין גרעסערע מערדערייען״...

דער בריוו איז אַנאָנים, ד. ה. אָהן אַנ׳אונטערשריפט, זאָגאַר אָהן עפּעס אַ שטעמפּעל, שטאַמט פון וואַרשא, און איז געשרי-בען, לויט אַלע סימנים און לויט דער פעלערהאַפטיגער אָרטאָ-גראַפיע, פון אַנ׳אונבעוואוסטזיניגען און נישט קלוגען אַרבעטער. כאַ-ראַקטעריסטיש איז, וואָס דער בריוו אַנטהאַלט נישט קיין שום פאַקטי-שע ראיות, דאָס דער דערשאָסענער מאיר גראָספעלד איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. דער פאַרפאַסער פון׳ם בריוו שטעלט נישט אַרויס קיין רעאַלע בעשולדיגונג, ער ברענגט נאָר איין פאַקט מיט עפּעס אַ „צעטעל״, וועלכעס ה׳ גראָספעלד האָט כלומר׳שט איבערגעגעבען זיין פרוי שוין דערשאָסענערהייט. מ׳דאַרף, אָבער, קיין גרויסער אומ-גליביגער מענש נישט זיין, אום צו צווייפלען אין די ריכטיגקייט פון

דעמדאָזיגען „פאַקט" און אים רעכענען פאַר אַ נישט געלונגענע בבא־מעשה.

בעזונדערס ווילד קלינגט די לעצטע פראַזע פון׳ם בריוו מיט דער בלוטיגער דראָהונג, וועלכע שטעקט אין איר. קיין בעוואוסטזיניגער אַרבעטער וואָלט אַזאַ פראַזע נישט געקאָנט אָפּשרייבען. און עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז די רעדאַקציע האָט נישט געפונען פאַר מעגליך אַזאַ בוויוו צו פאַרעפענטליכען.

דאַן האָט די רעדאַקציע דערהאַלטען אַ צווייטען בריוו, אין וועלכען די פאַרפאַסער פון ערשטען האָבען זיך געקלאָגט, פאַרוואָס מ׳האָט זייער בריוו נישט אָפּגעדרוקט. אויסער דעם האָבען זיי אונטערגעשטריכען, אַז נישט באַנדיטען, נאָר אַ ר ב ע ט ע ר האָבען דעם ה׳ גראָספעלד דער׳הרג׳עט, און אויב אַזוי — קאָן דאָך „קיין צווייפעל נישט זיין", אַז ה׳ גראָספעלד האָט דעם טויט פאַרדינט, און די רעדאַקציע האָט קיין רעכט נישט געהאַט דעם בריוו פון די „וואַרשעווער אַרבעטער" נישט צו דרוקען...

דער ראַדאָמער קאָרעספּאָנדענט דערמאַנט די ווערטער: „ווילדקייט און צולאָזענקייט". מ׳מוז אָנערקענען, אַז קיין אַנדערע אויסדריקען קאָנען דאָ נישט בענוצט ווערען, ווייל זיי זענען צו שוואַך, אין בעציונג צו דער גרופּע דערשיינונגען, צו וועלכער עס מוז צוגערעכענט ווערען דער ראַדאָמער מאָרד, און צו דער פּסיכאָלאָגיע, וועלכע שפּיגעלט זיך אָפּ אין די צוויי בריוו פון „די וואַרשעווער אַרבעטער".

קיין מענש טאָר באַ דעם אַנדערן דאָס לעבען נישט אַוועקנעמען, ווייל קיין מענש קאָן דעם אַנדערן דאָס לעבען נישט אומקערן. דאָס מענשענלעבען איז דאָס פעלד, אַף וועלכען עס וועבען זיך די לעבענסדערשיינונגען, די צווישענמענשליכע בעציונגען, אַלס סאָציאַלע און קולטורעלע פאָרמען. יעדע דערשיינונג, סיי געזעלשאַפטליכע, סיי אינדיווידועל-מענשליכע, וועלכע לויערט אַף די עקזיסטענץ פון דעמדאָזיגען פעלד, וועלכע דראָהט דעם באָדען פון אַלע לעבענסדערשיינונגען, — דעם מענשענלעבען, — ליגט פון יענער זייט גרענעץ פון דער קולטור און פון דער מענשליכקייט, ליגט אויסער דעם רוים פון אַנטוויקלונג און פּראָגרעס, געהערט צו די צושטערענדיגע עלעמענטען, צו די פיינט פון לעבענסהאַרמאָניע. קאָן קיין שום פאַראַנטפערונג זיך נישט געפונען אַף דער וועלט...

אין דעריבער איז די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט געגען טויט-
שטראָף. באַ דעם ערגסטען, באַ דעם געפּער'יכסטען פאַרברעכער
טאָר מען דאָס לעבען נישט אַוועקרויבען, — זאָגט דער עלעמענ-
טאַרישסטער פּרינציפּ פון דער אמת-מענשליכער, אמת פּראָגרעסיווער
קולטור.
אין דער צייט פון פּאָליטישע און סאָציאַלע קאַטאַקליזמען, ד.
ה. פון גרויסע, טיפע איבערקערענישען אין דעם פּאָליטישען און
סאָציאַלען לעבען, טרעפען אין דער היסטאָריע אויסנאַמען, וועלכע
ווידערשפּרעכען דעמדאָזיגען פּרינציפּ. נאָר מיר וועלען דאָ וועגען
זיי נישט רעדען.
דאָס לעצטע יאָר האָבען זיך אַנטוויקעלט אין דעם פּאַרטיילע-
בען פון אייניגע אַרבעטעראָרגאַניזאַציעס, דערביי סאָציאַלדעמאָקראַ-
טישע, איבערהויפּט אין פּוילען, נייע פאָרמען פון טעראָר, וועל-
כע האָבען נאָך ביז איצט קיין פעסטע נעמען נישט בעקומען, נאָר
וועלכע מ'קאָן בעצייכענען מיט די עפּיטעטען: „עקאָנאָמישער“, „פּער-
זענליכער“. פאַרשידענע אַרבעטעראָרגאַניזאַציעס האָבען אָנגעהויבען
פאַר'משפּט'ען צו טויט פּריוואַטמענשען שוין נישט פאַר שפּיאָנעריי און
פּראָוואָקאַציע, ווי ביז דאַן, נאָר אויך פאַר נישט נאָכגעבען אין עקאָ-
נאָמישען שטרייק די פאָדערונגען פון די אַרבעטער, פאַר בעליידיגען
אַ פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי... דער רעוואָלווערשאָס איז געוואָרען
אַנ'אַנטשיידענדיג מיטעל באַ עקאָנאָמישער אָבסטרוקציע, באַ עקאָנאָמישען
באָיקאָט אַפ'ן אונטערנעמער אָדער בעל-הבית פון געשעפט. דערביי
פלעגט נישט זעלטען טרעפען, אַז די „אָרגאַניזאַציע“, ווי מ'רופט עס
אין גאַס, האָט זיך נישט געגעבען קיין מי גוט אויסצופאָרשען די
זאַך און האָט פאַר'משפּט צו טויט גאָר אַנ'אונשולדיגען מענשען. איך
געדענק, וואָס פאַר אַ שרעקליכען איינדרוק עס האָט אַף מיר געמאַכט
איין „בריוו אין רעדאַקציע“, וועלכער איז מיט עטליכע מאָנאַטען
צוריק געווען געדרוקט אין „וועג“. דער פאַרפאַסער פון בריוו האָט
נאַיוו דערציילט, אַז עפּעס אַנ'אָרגאַניזאַציע — איך געדענק שוין נישט,
וועלכע — האָט אים פאַר'משפּט צום טויט. מ'האָט אין אים שוין געשאָסען
פון רעוואָלווערען, נאָר מיט נסים איז ער גאַנץ פון דעם פייער אַרויס.
דער טויט הענגט, אָבער, נאָך אַף זיין קאָפּ, און ווייל ער ווייסט
נישט, פאַרוואָס דאַרף ער פון דער וועלט אַוועקגיין, דען ער פילט
אַף זיך קיין שום פאַרברעכען נישט, ווענדט ער זיך דורך דער

צײַטונג צו די װאַרשעװער אָרגאַניזאַציעס מיט אַ ביטע, די זאַך גוט אויספאָרשען...

אידיליש — נישט װאָר?

און נאָך אַנ׳אידיליע.

אין „װעג" № 219, אין „װאַרשעװער כראָניק", איז געדרוקט פאָלגענדיגע נאַכריכט:

— דזיקאַ 37 האָט זיך פאַר׳סמט אַ יונגערמאַן, 28 יאָר אַלט. ער האָט איבערגעלאָזען אַ קװיטעל, אין װעלכען ער זאָגט, אַז: „איידער דער „בונד" זאָל מיר צונעמען דאָס לעבען, איז גלײַכער, אַז איך אַליין װעל מיר דאָס לעבען נעמען". דער פאַרשטאָרבענער האָט איבערגעלאָזען אַ פרוי מיט קינדער".

שטעלט אײַך פאָר, װאָס פאַר אַ פחד עס דאַרף עקזיסטירען אין די קלײנבירגערליכע קרײַזען פאַר די „אָרגאַניזאַציעס", װען אַ מענש נעמט זיך דאָס לעבען, אום צו פאַרמײַדען, אַז די אָרגאַניזאַציע זאָל עס בײַ אים אַװעקנעמען. און װידער, װיפיל מאָרדטאַטען פון עקאָנאָמישען טעראָר האָט דער זעלבסטמערדער געמוזט זײַן בײַ׳ם לעבען, אום עס זאָל בײַ אים אַנטשטײן אַזאַ פעסטע איבערצײַגונג, דאָס פון דער אָרגאַניזאַציעס הענט קאָן מען שוין לעבעדיג נישט אַרויס...

דער׳הרג׳ענען אַ מענשען איבער אַנ׳עקאָנאָמישען סכסוך אָדער פאַר אַ פאַטש, צום בײַשפיל, װי עס איז געװען דער פאַל אין ראַדאָם, איז די העכסטע פאָרם פון פאַרװילדונג און צולאָזענקייט. אויב אַזעלכע מאָרדען געשײען אין נאָמען און לויט בעפעל פון אַנ׳אָרגאַניזאַציע, מוז מען קאָנסטאַטירען, אַז אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָט אַראָפּגעטרעטען אַפ׳ן װעג פון אַנאַרכיסטישער טאַקטיק, װעלכע װידערשפרעכט די ערשטע פרינציפען פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע און מוז פירען צו צושטערונג פון דערדאָזיגער אָרגאַניזאַציע, אויב זי װעט זיך בײַצײַטענס נישט אומקוקען און װעט נישט אויסשנײַדען פון איר טאַקטיק דעם גיפטיגען פונקט.

עס איז שװער אפילו אַף איין מאָמענט צו דערלאָזען דעם געדאַנק, אַז די צענטראַלאָרגאַנען פון די סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס זאָלען זײַן אָנהענגער פון אַזאַ אַנאַרכיסטישער טאַקטיק. דאָך מוז מען פעסטשטעלען, אַז נאָר דערפאַר, װאָס דידאָזיגע אָרגאַנען שװײַגען, ד. ה. קוקען דורך די פינגער אַף די אַנאַרכיסטישע טענ-

רעֶנצעֶן פוּן מאַנכֿעֶ אָרגאַניזאַציעֶס אין געֶביט פוּן „עֶקאָנאָמישעֶן קאַמפף״, — נאָר דעֶרפאַר האָט דעֶר „עֶקאָנאָמישעֶר״ אוּן „פּעֶרזעֶנלי-כֿעֶר״ בלוּטיגעֶר טעֶראָר בעֶקוּמעֶן אַזאַ ברייטעֶ פאַרשפּרייטוּנג אוּן אָנ-געֶנוּמעֶן די פאָרמעֶן פוּן אַנ׳אָפּטעֶר אוּן מיט דראָהעֶנדיגעֶר שנעֶלקייט זיך אַנטוויקלעֶנדיגעֶר דעֶרשיינוּנג.

די ראַדאָמעֶר אָרגאַניזאַציעֶ פוּן „בוּנד״ האָט נישט אָפּגעֶלייקעֶנט די נאַכֿריכֿט, וועֶלכֿעֶ איז געֶוועֶן געֶדרוּקט אין „וועֶג״, וועֶגעֶן 13 פרישעֶ טויטאוּרטיילעֶן, וואָס דידאָזיגעֶ אָרגאַניזאַציעֶ האָט אַרויסגעֶגעֶבעֶן אַף ראַדאָמעֶר איינוואוינעֶר, איבעֶרשיקעֶנדיג די פאַראוּרטיילטעֶ דעֶם פּסק-דין דוּרך דעֶר פּאָסט, געֶשריבעֶן אין נאָמעֶן פוּן דעֶר פּאַרטיי אוּן מיט אַ רויטעֶן פּאַרטייִשטעֶמפּעֶל. אַלזאָ, זאָל דאָס זיין אמת? ווי זשעֶ דאַרף מעֶן אָנרוּפעֶן אַזאַ פאַקט? דעֶר איינדרוּק, וועֶלכֿעֶן עֶר מאַכֿט, איז דאָך גרויזאַמעֶר, ווי דעֶר, וועֶלכֿעֶן עֶס מאַכֿעֶן די דראָ-הוּנגסבריוו מיט די טויטאוּרטיילעֶן פוּן דעֶר „קאָמאָראַ פוּן פאָלקס-נקמה״. דאָרט, אין דעֶר שוואַרצעֶר מאה, ווייסעֶן מיר, אַרבעֶטעֶן כוּליגאַנעֶס. אויסוואוּרפעֶן פוּן דעֶר געֶזעֶלשאַפט. אָבעֶר דאָ, אין ראַדאָם, טראָגעֶן דאָך די בריוו דעֶם שטעֶמפּעֶל פוּן אַנ׳אַרבעֶטעֶראָר-גאַניזאַציעֶ, פוּן אַ סאָציאַלדעֶמאָקראַטישעֶר אָרגאַניזאַציעֶ, אוּן מעֶן מוּז מיט טרויעֶר זאָגעֶן, אַז זיי דעֶרמאָנעֶן גיכֿעֶר עֶפּעֶס אַנ׳עֶפּיזאָד פוּן אַ פראַנצייזישעֶן בוּלוואַרקרימינאַלראָמאַן, ווי אַ ווירקליכֿעֶן פאַקט אין דעֶר פּראַקטיק פוּן אַ פּאַרטיי, וועֶלכֿעֶ האָט אָפּגעֶשריבעֶן אַף איר פאָהן די לאָזוּנגעֶן פוּן דעֶם אינטעֶרנאַציאָנאַלעֶן סאָציאַליזם.

ווי געֶפעֶרליך עֶס איז די דעֶמאָראַליזאַציעֶ, וועֶלכֿעֶ די טאַקטיק פוּן עֶקאָנאָמישעֶן אוּן פּעֶרזעֶנליכֿעֶן טעֶראָר אין פאָרם פוּן טויטאוּרטיי-לעֶן דוּרך פּאַרטייגעֶריכטעֶן, ברעֶנגט-אַריין אין די רייהעֶן פוּן די פּאַרטייעֶן אַליין, בעֶווייזט די פאָלגעֶנדיגעֶ זעֶר טרויעֶריגעֶ דעֶרשיי-נוּנג. די לעֶצטעֶ צייט חזר׳ן זיך איבעֶר זעֶר אָפט פאַלעֶן, ווען אַרבעֶטעֶר דעֶר׳הרג׳עֶנעֶן איבעֶר אַנ׳עֶקאָנאָמישעֶן אָדעֶר פּעֶרזעֶנליכֿעֶן סכסוּך דעֶם אוּנטעֶרנעֶמעֶר אָדעֶר אַנדעֶרעֶ פּריוואַטפּעֶרזאָנעֶן—שוין אָהן דעֶם אוּרטייל פוּן פּאַרטייגעֶריכֿט, נאָר לויט אייגעֶנעֶר איינזייוּנג. די כֿראָניק פוּן די צייטוּנגעֶן, וואָס דעֶרשיינעֶן אין פוילעֶן, זעֶנעֶן פוּל מיט אַזעֶלכֿעֶ פאַלעֶן. אוּן דעֶרביי זעֶנעֶן די אָנפאַלעֶר עֶרנסט איבעֶר-צייגט, אַז זיי בעֶגייעֶן נישט קיין פאַרברעֶכֿעֶן, אַז זיי האָבעֶן אַ מאָ-ראַליש רעֶכֿט דעֶם מאָרד צוּ דעֶרפילעֶן, — אוּן די איינציגעֶ בעֶרעֶכֿטיגוּנג

פון דעם טעראָריסטישען אַקט זייען זיי אין דעם, וואָס זיי זענען אַרבעטער און געהערען צו אַנ׳אָרגאַניזאַציע. די מאַכט, וועלכע עס בעזיצט אַ רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, רופט בכלל און שטענדיג אַרויס באַ אירע אונוויסענדיגע און אינטעלעקטועל - ניט אַנטוויקעלטע מיטגלידער, אַ פאָרשטעלונג, אַז פאַר דערדאָזיגער מאַכט עקזיסטירען קיין שום גרענעצען נישט, אַז זי מעג אַלץ. אין אַזעלכע שיכטען אַנטשטייען ברוטאַל-אַנאַרכיסטישע טענדענצען פון מיסברויכען מיט דער מאַכט, פון ניט דערפילען די אייגענע פליכטען, פון דריקען אונפאַר-דינט דעם, ווער עס געהערט צו דעם סאָציאַל-גליקליכערען קלאַס. וויפיל געפינען זיך אין די סאָציאַליסטישע רייהען אַרבעטער, וועלכע פאַרשטייען דעם קלאַסענקאַמפף אין דעם זין, אַז זיי מעגען קומען צו דער אַרבעט זייגער 12 און אַרבעטען 5 שעה אין טאָג, כאָטש זיי האָבען זיך אַליין פאַרפליכט צוזאַמען מיט אַלע חברים צו קומען זייגער 9 און אַרבעטען 8 אָדער 9 שעה. און טאָמער מאַכט דער בעל-הבית אָפמערקזאַם דעראָף, — בעזונדערס אין די קליינע „קאַפּיטאַ-ליסטישע אונטערנעמונגען”, וואו עס אַרבעט איין פריקאַזטשיק אָדער צוויי, — „שטעלט אָן” דער אַליינהערשענדיגער „אַרבעטער” אַ „שטרייק”, שיקט „פאָרשטייער”—פון דער גאַס, און נייט אָפּצודרוקען אין דער צייטונג „אַנ׳אַנטשולדיגונג”. — די לומפּענפּראָלעטאַרישע פסיכאָלאָגיע, וועלכע שטעקט אין דער אין פוילען זער פאַרשפּרייטער פאָרם פון „קלאַסענקאַמפף”, — ליגט אויך אין גרונט פון דעם „פּריוואַטען טעראָר אַף אייגענע הענט”, אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדרוקען, —ווען איינ-צעלנע אַרבעטער הרג׳ענען פּריוואַטע מענשען, זענענדיג אַליין די בעשולדיגער, די ריכטער און די אויספירער פונ׳ם אורטייל.

„אַזוי ווי איר זייט זער אָפּגעריגט וועגען דעם אָנפאַל אַף מאיר גראָספעלד, וואָס מערדער זענען אים בעפאַלען און דערשאָסען, זאָ געבען מיר, וואַרשעווער אַרבעטער (?) אייך צו דערקלערען, אַז די אָנפאַלער זענען געווען אַרבעטער, וועלכע האָבען זיך דערוואוסט פּאַק-טיש (?), אַז מאיר גראָספעלד איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר.”—

אַזוי שרייבען די אַנאָנימע „וואַרשעווער אַרבעטער” אין זייער בריוו. און אין צווייטען בריוו שרייבען זיי: „נישט באַנדיטען, נאָר אַרבעטער האָבען גראָספעלד׳ן דער׳הרג׳עט, און אויב אַזוי—קאָן דאָך קיין צווייפעל נישט זיין, אַז ה׳ גראָספעלד האָט דעם טויט פאַר-דינט”

אַ ל ז אָ, נ י ש ט  בּ אַ נ ד י ט ע ן, נ אָ ר  אַ ר בּ ע ט ע ר... נ י ש ט
ק יֵ ן  אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע, נ אָ ר  א יֵ נ צ ע ל נ ע  אַ ר בּ ע ט ע ר  אַ פ׳ ן
פ ר י וו אַ ט ע ן  וו ע ג... און די פּאַרפאַסער פון בריוו מיינען ערנסט,
אַז דאָס וואָרט „אַרבּעטער״ וואַשט שוין אַלץ אָפּ.

אין די דעמאָקראַטישע קרייזען פון דער אינטעליגענטער געזעל-שאַפט איז אַנטשטאַנען די לעצטע יאָרען אַ קולט פונ׳ם אַרבּעטער. דאָס וואָרט „אַרבּעטער״ ווערט דאָרט אויסגעשפּראָכען מיט יראת-הכבוד, מיט דערהויבענער ליבּע. דאָס איז דערפאַר, ווייל דאָרט בינדט מען צונויף מיט׳ן בּעגריף „אַרבּעטער״ די פאָרשטעלונג וועגען דעם טרעגער פון דער ליכטיגער צוקונפט, פונ׳ם פּראָגרעס, פון דער בּעפרייונג פון אַלע פאָרמען פון אונטערדריקונג. דער אַרבּעטער דאַרף, געוויס, זיין שטאָלץ מיט אַזאַ בּעגריף, וועלכען מען האָט וועגען אים אין די בּעסטע קרייזען פון דער געזעלשאַפט. אָבּער נאָר שטאָלץ. דידאָזיגע שטאָלצקייט דאַרף אין אים שטאַרקען זיין מוט, זיין איבּערגעבּענקייט צו זיינע בּעפרייונגסאידעאַלען, זיין ענערגיע און דרייסטקייט. אָבּער אַף קיין פאַל דאַרף זי נישט ווערען פאַר אים אַ קוואַל פון צולאָזען-קייט און פאַרווילדונג, — אַ קוואַל פון בּרוטאַלען דעספּאָטיזם, פון פאָלקאָמער פּרינציפּלאָזיגקייט, פון אַנאַרכיסטישע טענדענצען און גע-פערליכען געוואַלט...

אַף די אָנפירער פון אַלע סאָציאַליסטישע אַרבּעטעראָרגאַניזאַציעס ליגט אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דאָס מאָראַלע און סאָציאַלע געזונט פון די בּרייטע אַרבּעטערמאַסען. אויבּ עס זענען זיי טייער די אינטערעסען פון דער בּעפרייונגסבּעוועגונג און דעם קלאַסען-קאַמפף, אויבּ זיי פאַרשטייען די גאַנצע סכנה, וואָס די אַנאַרכיע שטעלט-פאָר פאַר דער צוקונפט פון דער בּעפרייונגסבּעוועגונג, וועל-כערס זיג ליגט נאָר אין פעסטער אָרגאַניזאַציע און שטרענגער דיסציפּ-לין, איז זייער חוב מער אָפמערקזאַמקייט צו שענקען די פאַרצייכענ-טע דערשיינונגען און אָנהייבּען צו קעמפפען מיט זיי, גלייך מיט דעם בּאַנדיטיזם. נישט נאָר אין זייער מינדליכער אַגיטאַציע, נאָר אויך, און נאָך מער אין זייער פּרעסע דאַרפען זיי מיט אונערבּאַרמליכער ערנסטקייט און אָפענהערציגקייט פאַראורטיילען יעדען פאַל פון פּריוואַ-טען טעראָר אַף עקאָנאָמישען אָדער פּערזענליכען בּאָדען מיט דעם רעוואָלווער, אָדער מעסער אין דער האַנט, און דערקלערען, ווי ווייט אַזעלכע פאַרבּרעכען ווידערשפּרעכען די פּרינציפּען און טראַדיציעס פון

דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. די פאַרטייליטונגען דאַרפען גיין נאָך ווייטער: זיי דאַרפען דערקלערן, אַז יעדער טעראָריסט אַף אייגענע האַנט אין עקאָנאָמישע אָדער פערזענליכע אָנגעלעגענהייטען איז געגליכען צו אַנ'איינפאַכען מערדער, און קיין שום סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, קיין שום אָרגאַניזירטער און בעוואוסטזיניגער אַרבעטער טאָר אים נישט געבען קיין שטיצע, טאָר זיין פאַרברעכען נישט פאַרדעקען, טאָר זיין שיקזאַל נישט פאַרזאָרגען...

„דער וועג", 1906, נ"נ 227, 228.—

וואַרשא, 29 אָקטאָבער (11 נאָוועמבער).

# אַנ׳אָנהײב.

דער אַלגעמײנער בעפרײַונגסקאַמפף, וועלכער שפּילט זיך אָפּ אין דעם גאַנצען רוים פון דער גרויסער רוסלענדישער מלוכה, הײבט-אָן אַרײַנצודרינגען אויך אין יידישען לעבען. מיר שטרײַכען-אונטער די ווערטער, ווײַל מיר בעטאָנען זיי בעזונדערס. אין דער בעוועגונג צו ברעכען די אַלטע פּאָליטישע אָרדנונגען און בענײַען דאָס אַלגעמײנע פּאָליטישע לעבען אַף טיפע דעמאָקראַטישע יסודות, נעמט דאָס יידישע פּאָלק אָנטײל שוין פון לאַנג, — פון דער ערשטער מינוט פון איר אַנטשטײונג. די יידען זענען דער אַוואַנגאַרד פון דעם בעפרײַונגסקאַמפף. אָבער אינערהאַלב פון יידישען לעבען איז דער קאַמפף פאַר די בענײַונג פון אַלע זײַנע אָרדנונגען ביז דער לעצטער צײַט געווען זער שוואַך, — מען קאָן זאָגען, קוים צו בעמער-קען. נאָר אין געביט פון יידישען עקאָנאָמישען לעבען זענען אַרײַנ-געבראַכט געוואָרען נײַע דערשײַנונגען, וועלכע האָבען ראַדיקאַל גע-ענדערט זײַן אינערליך און אויסערליך בילד. מיר מײנען—דער עקאָ-נאָמישער קאַמפף, די שטרײַקען און די אָרגאַניזאַציע פון׳ם יידישען פּראָלעטאַריאַט. — אָבער אין אַלע אַנדערע פאָרמען פון יידישען לע-בען, אין געביט פון דער יידישער קולטורעלער און האַלב-נאַציאָנאַ-לער זעלבסטפאַרוואַלטונג, אַף וויפיל מיר בעזיצען זי בײַ דער עקזיס-טירענדיגער פּאָליטישער אָרדנונג אין רוסלאַנד, — איז אַלץ געבליבען אָהן ענדערונג. — די סבה דערפון ליגט דערין, וואָס דאָ האָט די הויפּט-דעה דער יידישער מיטעלער קלאַס, די ברײטע מאַסען פון׳ם אונבע-וואוסטזיניגען קלײנעם בירגערטום, וועלכעס זינקט נאָך אין פינסטערניש

און אונוויסענהייט, שמאַכט אונטער׳ן יאָך פון די דאגות-פרנסה, האָט אַ זער שוואַכ-אַנטוויקעלט בעוואוסטזיין פון זיינע אייגענע געזעלשאַפטליכע אינטערעסען, און איז דערצו גאָר נישט אָרגאַניזירט.

בעזונדערס טרויעריג אין דער הינזיכט איז די לאַגע אין פוילען, וואו די יידען האָבען אַ גרעסערע זעלבסטפאַרוואַלטונג, ווי אין רוסלאַנד. — די יידישע גמינגע אין פוילען וואָלט געקאָנט ווערען אַ מעכטיגע קראַפט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם יידישען נאַציאָנאַלען לעבען — אין געביט פון דער דערציונג, פאָלקסגעזונד, עמיגראַציע און אַז. וו. — געוויס, זענען די אָפיציעלע רעכטע פון דער יידישער גמינגע אין פוילען אויך נאָך זער-זער שמאָל, זער-זער וויט פון דעם אידעאַל פון אַנ׳אמת׳ער נאַציאָנאַלער גמינגע. אָבער דאָך, אפילו אין די גרענעצען פון די רעכטע, וואָס די יידישע גמינגע אין פוילען האָט איצט, וואָלט זי אויך זער פיל געקאָנט אָפטון פאַר דעם יידישען נאַציאָנאַלען לעבען.

ליידער, איז די יידישע גמינגע אין פוילען זער נידעריג געפאַלען. די ווירטשאַפט אירע גייט אַף דעמזעלבען דרך, ווי די ביוראָקראַטישע ווירטשאַפט אין דעם ביזהעריגען רוסישען רעזשים. אָן דער שפיץ פון דער גמינגע שטייען מערסטענטיילס נישט-ווירדיגע מענשען, גאָלדענע קעלבער, וועלכע יאָגען זיך נאָר נאָך כבוד, אינטערעסירען זיך גאָרנישט מיט די אמת׳ע בעדערפענישען פונ׳ם קהל, זאָרגען נישט וועגען זיין געזונט, וועגען דער דערציונג פון דער יוגענד, — פאַרפאָלגען נאָר אייגענע, נישט שטענדיג ריינע געשעפטלעך. מיט דעם קהל׳ס מיינונגען און וואונשען רעכענען זיך די „דאָזאָרעס״ מערסטענטייל נישט. קיין חשבון אין די געלטסומען געבען זיי קיינעם נישט אָפ, בעל-בת׳עווען ווי זיי געפעלט — און רוינירען די קהל׳ישע ווירטשאַפט...

די טעג איז אין „וועג״ געווען געדרוקט אַנ׳אָפרוף פונ׳ם פלאָצקער וואַלקאָמיטעט צו די פלאָצקער וויילער. טרויעריג איז דאָס בילד, וואָס דער אָפרוף שילדערט.

— „וואָס פאַר אַנ׳אָרדנונג הערשט אין אונזער גמינגע-אינסטיטוציעס; ווי שמוציג און טרויעריג זייען-אויס אונזערע שולען און בתי-מדרשים! נישטאָ קיין מקוה, קיין יידישע און קיין וועלטליכע אַנשטאַלטען, וואָס אַנדערע שטעדט בעזיצען, די סקלאַדקעס באַ אונז זענען אונגעהייער גרויס, — און שטענדיג פעלט נאָך געלט, און די

גמינע איז אַ בעל-חוב. דער רוב שטאָדטמענשען קלאָגט זיך אַף די דאָזאָרעס, מיט זייער פירונג. דאָס קהלשטוב זייט-אויס באַ מענשען ווי אַ גזלנים-שטוב. געלט אַף יידישקייט נעמט מען פון מענשענס אומ-גליק. ווען באַ איינעם שטאַרבט, חלילה, אַ מיטגליד פון זיין פאַמיל-יע, דאַן רייסען קהל'ס פאַרזאָרגער די הויט פון דער לעבעדיגער משפחה".
אַזוי דערציילט דער פלאָצקער וואַלקאָמיטעט.
— „אמת איז, דאָס ניט נאָר באַ אונז גייט צו אַזאַ ווירטשאַפט. אין מאַנכע אַנדערע שטעדט איז אויך אַזוי. דאָס דאָזאָריי איז אין פיל ערטער נידריג געפאַלען. קיין ווירקליך-אָרענטליכער מענש וויל זיך שוין באַלד דערמיט נישט בעשעפטיגען. עס כאַפּען זיך דערצו גבירים אָהן תורה און אָהן חכמה, און זייער גאַנצע בריהשאַפט בעשטייט דע-רין, דאָס זיי זענען קאַפּיטאַליסטען, געלטמענשען. פון דיזע געלט-מענשען טרעפען זיך אַזעלכע, וואָס די שטאָדט רעדט שטאַרק אַף זיי-ער אָרענטליכקייט. עס ווערט געוויילט פאַר אַ דאָזאָר זאָ אַ מענש, וואָס אונטער פיר אויגען וואָלט מען אים קיין פינפרובעלדיגען ניט טרויען, וואָס אַלע זאָגען, ער איז אַ גנב, אַ באַנדיט, — אָבער דער-ביי איז ער כיטרע און אַרבעט פעסט אין דעם ענין, און ער פועל'ט אויס, וואָס ער וויל. אָדער עס טרעפט זיך, עס ווערט אַ דאָזאָר אַ גביר אַ גראָבער יונג, אַן אמת'ר גאָרנישט, נאָר ער בעט זיך, נעבען, אַביסעל כבוד, און מען טוט אים צוליב."
און וויטער:
— „דערמאַנט אייך נאָר, ברידער, פאַראַיאָרען, ווען מיר האָ-בען קוים גע'פועל'ט באַ אונזערע דאָזאָרעס, זיי זאָלען דאָך אַמאָל מאַ-כען אַן אסיפה און דורכזייען די אויסגאָבען און די איינקיפטען פון קהל. מיר האָבען דעמאָלט געפונען פיל ענינים, וואָס מען קאָן און מען דאַרף צו ענדערן, און דאַדורך מיט 2000 רובל קלענער מאַכען דעם עטאַט. מיר האָבען געוואָלט מאַכען, דאָס די מעדכענשולע זאָל ניט טייער קאָסטען. מיר האָבען געוואָלט מאַכען, אַז דאָס געלט פאַר אָרימעלייט אַף קוילען און האָלץ, אַף רפואות און מצות זאָלען טיילען די גבאים פון די „טאָוואַרזשיסטווע דאָבראָטשינאָסטי", ניט די דאָזאָרעס. מיר האָבען געוואָלט, אַז דאָס בית-מדרש, וועלכעס קאָסט דער גמינע עטליכע הונדערט רובל אַ יאָר, זאָל איבערגעגעבען ווערען אין פּרי-וואַטע הענט, וועלכע האָבען געוואָלט וויזען, דאָס אַ בית-מדרש קאָן אויסהאַלטען די שמשים און האָבען אַף הייצען און ליכט פון אייגענע

דאָכאָדען: פון פאַרדינגען שטעדט, פון עליות, נדרים וכדומה. דע-
מאָלט האָבען אונזערע דאָזאָרעס אַלעס גלייכגילטיג אויכגעהערט זאָגאַר
פאַרשריבען אַלעס, אָבער אַלעס דערנאָך געמאַכט, ווי פריער איז גע-
ווען. אונזערע דאָזאָרעס זענען באַרעמהאַרציג, האָבען אַ ווייך האַרץ
אין ווילען אַליין צוטיילען קהל׳ס געלט פאַר אָרימעלייט, קויפען האָלץ
און לאָזען הייצען די אויוועֶנס אין ביהמ״ד. אַזוי דאַרף שוין אייביג
צו זיין.

„אָדער צי געדענקט איר, ווי אַף דער אסיפה איז געקומען אַ
שוחט און געזאָגט דעם דאָזאָר פאַר דעם גאַנצען עולם: „איר האָט פון
אונז געלט גענומען און ניט געגעבען קיינעם!״ און דער דאָזאָר האָט
זיך רויג אָוועקגעקוקט, גלייך מ׳רעדט צו דער וואַנט, ניט צו אים״.

דאָך ווערען אַזעלכע מענשען געוויילט. זיי פירען אַנ׳אומערלי-
כע אַגיטאַציע.

— „זיי בעטען, מ׳זאָל זיי נאָר אויספוצען מיט דאָזאָריי, עס
זאָל זיי נוצען צום געשעפט אָדער אַ גוטען שדוך צו טון דאַדורך מיט
זייערע קינדער. זיי האָבען קיין חרפה און קיין בושה צו קומען צו
פיל מענשען אין שטוב, בעטען זיך, צוזאָגען גליקען: פאַרקלענערן
אים די סקלאַדקע, אים אַלעמאָל צו פאַרשוינען, און אַנדערע וועלען
פאַר אים ליידען, און נאָך דאָסגלייכען, פאַרשידענע קונסטשטיק בע-
נוצען זיי. אַבי דאָזאָר צו ווערען!״

און אין אַלעם איז שולדיג די גלייכגילטיגקייט פון די וויילער.

— „נישט קיין גזרה, נישט קיין כשוף איז עס, עס איז נאָר
אונזער גלייכגילטיגקייט, אונזער גרינגשעצען אַ הייליגען און וויכטי-
גען ענין. עס פעלט אונז נאָר ענערגיע און גוטער ווילען צו טון
לטובת-הכלל. מיר זענען, ליידער, פאַריאָגט און פאַרפלאָגט צוליב
דער ביטערער פרנסה און האָבען קיין צייט ניט אַריינצוקוקען אין
קהל׳ס געשעפטען. דאָ טרעפט זיך אַ כיטרער געלטמענש, וועלכער
איז מער איבערשפיציג, וועלכער פאַרשטייט די קונסט, ווי באַ מענ-
שען אויסצונאַרען שטימען. אָט דער מענש פירט אַ שטאָדט באַ דעם
קאָפּ, און מיר מיינען, דאָס מיר וועלען שוין קיינמאָל פון אים נישט
פּטור ווערען״.

אַז דער פלאָצקער וואַלקאָמיטעט איז נישט מגזם און שילדערט
דאָס טרויעריגע בילד מיט די ריכטיגע פאַרבען, קאָן בעווייזען אַ קאָ-
רעספּאָנדענציע פון פּלאָצק, וועלכע איז געדרוקט אין דעם אָפיצי-

עֶלְעָן אָרגאַן פון דער וואַרשעווער גמינע, אין „איזראַעליטאַ", און אין וועלכער עס ווערט איבערגעהזר׳ט דאָטזעלבע, וואָס אין אָפּרוף פון וואַלקאָמיטעט.

דער אָפּרוף פון פּלאָצקער קאָמיטעט איז אַ צייכען פון דער צייט. ער בעווייזט, אַז דאָס געדולד פון די ווײַלער הייבט, ענדליך, אָן צו פּלאַצען, אַז די אידעע וועגען דער נויטווענדיגקייט צו דעמאָקראַטיזירען די יידישע קהל׳שע אָרדנונגען דרינגט, ענדליך, אַריין אין דאָס בעוואוסטזיין פון די ברייטע יידישע מאַסען.

דער פּלאָצקער וואַלקאָמיטעט שטעלט-אַרויס די פאָלגענדיגע פאָדערונגען צו די קאַנדידאַטען אַף דאָזאָר:

1) יעדעס יאָר זאָל אַ בדאָשור געדרוקט און צושיקט ווערען צו אַלע די, וואָס צאָלען סקלאַדקע; אין דער בראָשור דאַרף זיין אַ רשימה פון אַלע, וואָס צאָלען סקלאַדקע אַף קהל און וויפיל זיי צאָלען; אויך אַ חשבון פון אַלע קהל׳שע אויסגאַבען און איינקינפטען, הוצאה והכנסה פון קהל׳ש פאַרמעג, אין וואָס עס בעשטייט, און ווי אַזוי עס ווערט פאַרנוצט;

2) איינמאָל אין יאָר, בעפאָר מען בעשטימט דעם עטאַט און די סקלאַדקע, זאָל געמאַכט ווערען אַנ׳אסיפה גדולה. דאַן זאָל יעדערער פון דער שטאָדט קאָנען קומען און פאָרלעגען זיינע פּרעטענזיעס צום קהל מינדליך און שריפטליך, און דאָס זאָל דורכגעזייען ווערען פון די פאַרזאַמעלטע; אויך זאָל יעדער מענש קריטיזירען, זאָגען, וואָס אים געפעלט נישט אין די דאָזאָרעס פירונג. בעזונדערס, זאָל דאַן בעטראַכט ווערען, ווי צו פאַרקלענערן די אויסגאַבען און אויך צו פאַרגרעסערן די איינקינפטען פון קהל;

3) אַף אַלע געוועהנליכע אסיפות זאָלען זיין אויסגעווייַלטע פון דער שטאָדט—פון גרויסע חברות, פון בעלי-מלאכות און פון סוחרים, וועלכע זאָלען זייער מיינונג דאַן זאָגען;

4) אַלע געלטען, וואָס די גמינע בעקומט פון מענשען, ווי צום ביישפּיל, פאַר ערטער אַפ׳ן בית-החיים, פאַר פאַרדינגען שטעדט אין שולען א. ד. ג., זאָלען נישט פאַרשריבען ווערען פון סעקרעטאַר אַליין, אַלס אָפּיאַרעס, נדבות, נאָר יעדער, וואָס גיט געלט, ברויכט זיך אונטערשרייבען, אַף וואָס ער גיט דאָס געלט, ווי אויך פאַר וואָס, און צו וועלכען צוועק דאָס געלט זאָל פאַרוועגדט ווערען;

5) פונאַנדערטיילען געלט פאַר אָרימע אַף קוילען, מצות וכדומה

זאָל איבערגעגעבען ווערען דער „טאָוואַזשיסטוואָ דאָבראָטשינאָסצי״.—

די פאָדערונגען, ווי מיר זעען, זענען נאָך צו שוואַכע, צו קליינע, זיי פאַרהיילען נישט אַלע וואונדען פון דער יידישער גמינע אין פוילען. אָבער גוט איז אויך, דאָס די פאָדערונגען זאָלען אויס-געפירט ווערען, — ווערט דאָס זיין דער ערשטער טריט אַפ׳ן וועג צו דער פאָלקאָמער דעמאָקראַטיזאַציע פון דער יידישער גמינע.

מאָנטאָג דאַרפען פאָרקומען די וואַלען אין פלאָצק. מיר האַלטען הייס אונטער דעם אָפרוף, מיט וועלכען דער וואַלקאָמיטעט ווענדט זיך צו די פלאָצקער ווילער:

— „מיר האָבען דאָ אויסגערעכענט פאַרשידענע פאַרבעסערונגען, וועלכע עס איז נייטיג איינצופירען באַ אונז, ווען זאָגאַר די בעסטע דאָזאָרעס זאָלען שוין זיין באַ אונז. געוויס איז דאָס נישט אַלץ, וואָס עס איז ווינשענסווערט; דאָס איבעריגע וועט אונז שוין די צייט לערנען. פון אייך, ברידער, פלאָצקער בירגער און איינוואוינער, פאָדערן מיר יעצט יושר און אַחדות, נישט פאַרשפעטיגען און נישט פאַרנאַכלעסיגען דעם וויכטיגען ענין, און אויסקלויבען מענשען, וואָס ווילען איין אַף אונזערע פאָדערינגען, און ווילען בעסער איינאָרדנען אונזערע קהל׳שע ענינים. נעמט אייך, ברידער, ענערגיש און ערנסט צו דער זאַך; איר ווייסט דאָך, דאָס אונזערע בעלי-טובות, אונ-זערע קהל׳ס-פירער וועלען אַזוי גלייכגילטיג נישט אָפטרעטען. אויב-וואָל קיין פענסיע צאָלען מיר זיי נישט דערפאַר, דאָך גלוסט זיך זיי נעביך נישט צו ווערען אויס „עוסקים בצרכי צבור״. שרעקט אייך נישט, ברידער, פאַרלירט נישט קיין מוט. געווינען די מלחמה מוזען מיר, דען מיט אונז איז די גערעכטיגקייט״.

מיר ווילען גאָרנישט צווייפלען אין דעם, אַז די דעמאָקראַטישע אידעע וועט זיגען באַ די איצטיגע וואַלען אין פלאָצק, און מיר האָפען, אַז פלאָצק וועט נישט בלייבען אַליין, אַז נאָך איר ביישפיל וועלען נאָכגיין אַלע פוילישע שטעדט. זאָל דער פלאָצקער וואַלקאַמפף זיין נאָר דער אָנהייב פון אַ גרויסער, טיפער, אמת׳ער פאָלקסבעוועגונג קעגען אונזער היימישע זעלבסטהערשענדיגע ביוראָקראַטיע, מיט איר שמוץ, פוילקייט און נידערטרעכטיגער אַוועקרויבונג פון די רעכטע פון די ברייטע פאָלקסמאַסען.

„דער מאָג״, 1906, נ׳ 242.

װאַרשאַ, 30 אָקטאָבער (12 נאָוועמבער).

## קעגען וואַלבאַנדיטיזם.

אום געוויסע וואַלען זאָלען זײַן ריכטיג, ד. ה. זײ זאָלען פאָר-קומען נאָרמאַל, זײ זאָלען אין מעגליכען רעזולטאַט געבען דעם ער-פאָלג, וועלכען זײ דאַרפען און מוזען געבען לויט די נאַטירליכע תנאים פון דער וואַלפראָצעדור, דהיינו: לויט דעם צוזאַמענשטעל פון די ווײלערגרופען, לויט דער פראָצענטבעצײונג פון יעדער פאַר-טײ צו דער אַלגעמײנער סומע פון די אָפגעגעבענע שטימען, — אום געוויסע וואַלען זאָלען נישט דערוועקען קײן חשד אין זײער ריכטיג-קײט, איז נײטיג, עס זאָלען בעזײטיגט ווערען די אַלע סבות, וועל-כע קאָנען פאַרטונקעלען דעם רײנעם שפּיגעל פונ׳ם וואַלשטראָם, וועלכע געבען צוטריט צו די וואַלאורנען דער חיה, וואָס הײסט וואַל-שפּעקולאַציע, וואַלמאַכינאַציע, וואַלשווינדעל.

דאָס איז דער ערשטער פּרינציפּ פון אַלערלײ וואַלען.

די גאַנצע וואַלפראָצעדור דאַרף ווערען אָרגאַניזירט אַזוי, אַז די טעכניק פון די וואַלען זאָל זײַן פאָלקאָם אומאָפּהענגיג פון וואָסער עס איז פאַראינטערעסירטער זײַט, זאָל דאָס זײַן די רעגירונג, ציי אײנע פון די געזעלשאַפטליכע פּאָליטישע פּאַרטײען. דעמאָלט, ווען די וואַלפראָצעדור פאַלט-אַרײַן אין די הענט פון אײנע פון די פאַר-אינטערעסירטע צדדים, קאָן מען זיכער זײַן, אַז די וואַלען וועלען שוין נישט דורכגײן גלאַט. זײ וועלען אומבעדינגט זײַן געקינסטעלט. נאַטירליך, — וואָס נידריגער אַ פּאַרטײ שטײט אין מאָראַלען זין, וואָס מאוס׳ער עס איז איר קולטורעל-פּאָליטישער פּרצוף, דאָס גרעבער און שטאַרקער וועלען זײַן די שווינדלען, מיט וועלכע זי וועט וועלען

איבּערציִען דעם נצחון אַף איר זײַט, דעמאָלט, ווען די וואַלאורנע אָדער די פּאַרבּרייטענדיגע וואַלאינסטיטוציִעס וועלען איבּערגעגעבּען ווע-רען אונטער די שוץ פון איר ערליכקייט.

מיר דאַרפען גאָר נישט ווײַט גײַן נאָך אַ בּײַשפּיל, וועלכער אילוסטרירט אַזוי גוט, אַז בּעסער קאָן שוין נישט זײַן, דעמדאָזיגען געדאַנק.

ווער געדענקט נישט די ערשטע וואַלטעג אין וואַרשא? אין אַלגעמיינעם פּאָליטישען לעבּען פון דער שטאָדט איז דאָס געווען, ווי אַ יום-טוב: די שטאָדט האָט געוויילט אירע ערשטע פּאַרטרעטער אין ערשטען רוסלענדישען פּאַרלאַמענט. פאַר דעם יידישען טייל פון דער שטאָדט, פאַר די 270 טויזענט וואַרשעווער יידען—איז דאָס געווען אַנ׳עכטער פּאָגראָם, און אַ פּאָגראָם אַ שרעקליכער! אַ גרויסע שווערע מרה-שחורה איז געלעגען אַף אַלע יידישע פּנים׳ער אין די טעג, און עס האָט זיך דעמאָלט געדאַכט, אַז זאָגאַר די לופט איז אײַנגע-הילט אין אַ טרויעריגען שלייער. די גאַנצע וואַרשעווער יידישע בּע-פעלקערונג איז געוואָרען בּעליידיגט אין אירע טיפסטע געפילען, און אַ אָנמעכטיגער בּרענענדיגער כעס האָט געגעסען דאָס האַרץ.

מיר וועלען דאָ נישט רעדען וועגען די שוואַרצע פּראָקלאַמאַצי-עס פון דער נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע, וועלכע האָט געסטראַשעט די יידען מיט פּאָגראָמען, אויב זיי וועלען אָפּגעבּען זייערע שטימען פאַר יידישע אָדער פּראָגרעסיוו-פּוילישע קאַנדידאַטען. אויסער דעם מאָראַ-לען טעראָר, איז אין בּעציִונג צו די יידישע וויילער אָנגעווענדט געוואָרען אויך די פאָלגענדיגע ריין-אַקטיווע פאָרם פון נידערטרעכטיגען טעראָר: לעבּען די לאָקאַלען פון די וואַלקאָמיסיִעס אין יעדען בּע-צירק זענען געשטאַנען „קאָמפּדרוזשינעס״, וועלכע האָבּען מיט גע-וואַלט אויסגעריסען בּאַ די יידען פון די הענט די וואַלקאַרטלעך מיט די נעמען פון די קאַנדידאַטען, וואָס זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרען דורכ׳ן פּראָגרעסיוון בּלאָק, די יידען צוטריבּען און די קאַרטלעך צו-ריסען. ווען אַ יידישען וויילער איז שוין געלונגען מיט לעבּענסגעפאַר אַרײַנצורוקען זיך אינווייניג, אין לאָקאַל, וואו די וואַלאורנעס זענען געשטאַנען, און איבּערגעבּען זײַן שטימע, איז דאָס קוויטעל צו-ריסען געוואָרען דורך דיזעלבּיגע בּעאַמטע, וועלכע זענען געווען פּאַרפּליכטעט דאָס קוויטעל אין די אורנע אַרײַנצוואַרפען. אָט אַזוי האָט מען אויסגעקינצטעלט דעם רעזולטאַט, וועלכער איז געווען

געוואונשען פאַר דער נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע; אָט אַזוי האָט מען אַ תל געמאַכט פון דאָס רוב יידישע שטימען...

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי געשיין?

זער איינפאַך!

די וואַלקאָמיסיעס זענען מערסטענטיילס בעשטאַנען פון פּאָליאַקען, און דערביי אויסשליסליך נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען. אויסער דעם האָט זיך, אין די טעג פון די וואַלען, געפונען אין לאָקאַל פון יעדער וואַלקאָמיסיע אַ זאָגענאַנטע ערגענוואַך, וועלכע איז אויך בעשטאַנען נאָר און אויסשליסליך פון נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען. דידאָזיגע פּאַרטיי איז, ווי בעוואוסט, אַם וועניגסטען דערצויגען און אַנטוויקעלט אין פּאָליטישער הינזיכט, און קלויבט גאָר נישט איבער אין די קאַמפּמיטלען. אַז עס איז פאַר איר רעכט געווען צו שרעקען די יידען מיט אַ בלוטבאָד, איז זיך שוין נישטאָ וואָס צו וואונדערן, וואָס די „ערגענוואַך”, וועלכע איז בעשטאַנען פון אירע מיטגלידער, איז געווען העכסט אומערליך, און האָט געהאַנדעלט באַ די וואַלאורנעס נישט ווי פּאַרטרויענסווירדיגע מענער, נאָר ווי איינפאַכע באַנדיטען.

עס איז געווען אַ שרעקליכער פעלער פון די יידען באַ די פּאָריגע וואַלען צו דערלאָזען, אַז איינער פון די קעמפּענדיגע צדדים, און דערביי דער געפערליכסטער, איבער זיין פּאָליטישער אונדערצויגענקייט, זאָל בעקומען די וואַלאורנעס אויסשליסליך אין זיינע הענט.

איצט טאָרען מיר עס נישט דערלאָזען. מיר קאָנען גאָר וועגען קיין וואַלקאַמפּף נישט טראַכטען, אויב מיר וועלען זיך נישט פאַרזיכערן פון דעם באַנדיטיזם פון אונזערע נישט-איבערקלייבענדיגע געגנער.

אַף די, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט די פראַגען פון דער יידישער וואַלקאַמפּאַניע, ליגט אַ חוב דורכצופירען, אויסצוקעמפען פאָלגענדיגס:

1) אַ ספּעציעל ביוראָ פאַר די יידישע וויילער, אין וועלכען אַלע די, וואָס האָבען דעם וואַלצענז, זאָלען קאָנען קומען זיך איבערצייגען, צי זיי זענען איינגעשריבען אין די וואַלצעטלען.

באַ די פּאָריגע וואַלען פלעגט מען די יידען זער ברוטאַל בעהאַנדלען, ווען זיי פלעגען קומען געוואָר ווערען, צי האָט מען באַ זיי נישט אַוועקגערויבט זייערע רעכט. מ'פלעגט זיי פשוט מיט אַ שפּאָטישען געלעכטער אַרויסטרייבען, ד. ה. מ'האָט באַ זיי צוגענו-

מען דאָס רעכט, אין וועלכען אפילו די ביוראָקראַטיע האָט נישט געפונען פאַר מעגליך זיי אָפּצוזאָגען.

די צייט שטייט נישט! דידאָזיגע ערשטע פאָדערונג מוז תיכף ומיד פאַרווירקליכט ווערען.

2) אין די וואַלקאָמיסיעס, ווי אויך אין דער ערענוואַך, מוזען די יידען אויך זיין פאַרטרעטען, פּראָפּאָרציאָנעל נאָך זייער צאָל אין יעדען וואַלבעצירק.

דאָס איז אונזער רעכט, און מיר טאָרען נישט דערלויבען, מ'זאָל עס באַ אונז אַוועקרויבען.

און 3) עס דאַרף בעשאַפען ווערען אַ גאַנצע אָרגאַניזאַציע מיט אַ ביוראָ פון קענטע יוריסטען אָן דער שפּיץ, וועלכע זאָל אָפּקלייבען און מיט אַלע פרטים רעגיסטרירען יעדען פאַל פון שווינדעל, פעלשונג און געוואַלט באַ די וואַלען; יעדען פאַל, ווען מ'האָט אַ יידען אָפּגעזאָגט צו ווייזען, צי ער איז אַריינגעשריבען אין די וואַלצעטלען; ווען מ'האָט באַ אַ יידען מיט כח צוגענומען זיין שטימקוויטעל און אַריינגערוקט אַנ'אַנדערס מיט די נעמען פון די פיינטליכע קאַנדידאַטען. די דערפאַרונג פון דער ערשטער דומא האָט בעוויזען, אַז, האָבענדיג אַזאַ מאַטעריאַל, אַזעלכע בעווייזען פון פאַרטייאישען וואַלבאַנדיטיזם, קאָן מען זיך דערשלאָגען, אַז די וואַלען זאָלען קאַסירט ווערען, און עס זאָלען בעשטימט ווערען פרישע וואַלען.

די אַלע פראַגען זענען צו וויכטיג, מ'זאָל זיי קאָנען אָפּ'פּטר'ן נאָר מיט ווערטער. אַף ווערטער — זענען מיר גרויסע בריות. אָבער לאָמיר שוין אַמאָל בעווייזען, אַז מיר קאָנען עפּעס ר ע אַ ל ע ס דורכפירען אויך. מיר קעמפען פאַר רעכטע, — אָבער צי קענען מיר דידאָזיגע רעכטען אויסנוצען?

מיר וועלען זיין. לעת-עתה שלאָפען מיר נאָך.

„דער וועג", 1906, № 24.

וואַרשאַ, 31 אָקטאָבער (13 נאָוועמבער).

# וועגען פּוילישען שאָוויניזם.

דער געוועזענער דעפּוטאַט אין גאָסוד. דומאַ, אַלפאָנס פּאַר-טשעווסקי ווידמעט אין „דזיעניק ווילעַנסקי" עטליכע בעמערקונגען דעם, וואָס די פּראָגרעסיווע און קאָנסערוואַטיווע צייטונגען שרייבען וועגען פּוילישען שאָוויניזם:

— „שוין אַ לענגערע צייט בעמערקען מיר אין איינינע צייטונגען, וועלכע האָבען זיך אַליין געגומען דעם מאָנאָפּאָל פון פּראָגרעס, אַר-טיקלען וועגען פּוילישען שאָוויניזם, אַפילו וועגען פּוילישען האַקאַטיזם. צי ליגט טאַקי דער שאָוויניזם אין כאַראַקטער פון אונ-זער פאָלק? צי בעזיצען מיר טאַקי אַזויפיל אויסערליכע קראַפט, אַז מיר זאָלען קאָנען אָנוואַרפען עמיצען אונזער נאַציאָנאַליטעט, און ווי די דייטשע ה. ק. ט. שענדען אַלץ, וואָס עס טאַנצט נישט נאָך אונ-זער נאַציאָנאַלען שאַבלאָן?

„די געשיכטע לערנט אונז גאָר עפּעס אַנדערש. מיר זענען קיינמאָל נישט געווען קיין שאָוויניסטען.

„פאַרקערט, מיר האָבען קיינמאָל נישט געשפּירט קיין פּאַטריאָ-טישע געפילען, נישט אין פּאָליטישען, נישט אין קולטורעלען לעבען. די אַנעמיע איז אונזער אייביגע און שטענדיגע קרענק. איבערהויפּט איז דער שאָוויניזם, נאָכמער דער האַקאַטיזם, אַזעלכע פּסיכישע דער-שיינונגען, וועלכע קאָנען זיך געפונען נאָר בײַ מעכטיגע נאַציעס, וואָס בעזיצען זייער אייגענע מלוכה. האַקאַטיסטען זענען די דייטשען אין די פּוילישע פּראָווינצען פון פּרייסען, האַקאַטיסטען זענען אויך די פראַנצויזען, ווען זיי דריקען די ברעטאָנישע פעלקער. אָבער אונ-

וער לאַגע איז גאָר אַנ'אַנדערע. מיר האָבען נישט קיין אייגענע מלוכה און אומעטום שטייט אַלץ, וואָס עס איז נאָר פּויליש, פאַר דער גע-פאַר אונטערדריקט צו ווערען, אומעטום מוזען מיר זיך נאָר ווע-רען, און דאָס אַליין איז שוין גענוג, אַז עס זאָל וועגען פּוילישען שאָוויניזם און האַקאַטיזם גאָר קיין רעדע נישט קאָנען זיין.

„דאָרט, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען דער געפאַר פאַר'ן נאַ-ציאָנאַלען און קולטורעלען לעבען פון אַ פאָלק, איז דער פּאַטריאָטיזם קיינמאָל נישט צו פיל,— דעריבער איז עס בלויז אַ לייכטזיניגקייט פון די, וואָס שרייבען אין פּוילישע ציישונגען וועגען פּוילישען שאָוויניזם. זיי שטרעבען נאָר מיט זייער וואָרטקאַמפּף צו דערשטיקען די פּאַטרי-אָטישע געפילען און יסודות פונ'ם פאָלק.“ —

דאָס אַלץ וואָלט געווען זער ריכטיג, אָבער ה' פ אַ ר ט ש ע וו ס-קי האָט בעריהרט נאָר איין זייט פון דער פראַגע.— קיין מלוכה האָבען די פּאָליאַקען טאַקי נישט, אָבער אַ ט ע ר י ט אָ ר י ע האָבען זיי; אָבער אַ געשלאָסענעם, צוזאַמענהענגענדיגען פּ אָ ל ק ס ק ע ר פּ ע ר בילדען זיי, אַ ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע מ יי נ ו נ ג האָבען זיי.— און אָט אין געביט פון דערדאָזיגער געזעלשאַפטליכער מיינונג בעווייזען איינציגע זייערע שיכטען, איבערהויפּט די נ אַ ר אָ ד אָ וו ע ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע, ווי אויך, אין געוויסען גראַד, די „ליבעראַלע“ און „פּאָסטעמפּאָווע“,— אַזאַ אונ-טאָלעראַנץ, אַזאַ ש אָ וו י נ י ז ם, וועלכע קאָנען דרייסט קאָנקורירען מיט דעם דייטשישען האַקאַטיזם, און דערלויבען, אויסערדעם, צו דערוואַרטען, אַז דעמאָלט, ווען זיי וועלען נאָך האָבען אַ מלוכה, וועט זייער שאָ-וויניזם זיך קיין גלייכען אין דער וועלט נישט האָבען!—

„דער וועג“, 1906, נ' 244.—

ווארשא, 2 (15) נאָוועמבער.

# דאָס שטילשווייַגען איז אַ שאַנד.

ווייטער וועגען דעמזעלבען.

אַ שאַנדע! אַ ביטערע און מאוס'ע שאַנדע! —

דאָס מוזען מיר אויסשרייַען, לייענענדיג די פאַרשידענע בריוו, וועלכע מיר בעקומען פון דער פוילישער פראָווינץ.

טויט! שענדליך און העסליך טויט! — דאָס איז דער איינדרוק, וועלכער אַנטשטייט, הערענדיג וועגען דעם גייסטיגען צושטאַנד פון דער יידישער בעפעלקערונג אין פוילען.

איינאונאייַנציג פאָליטיש רעכט האָבען מיר, — מיר, די אומגליקליכסטע צווישען די אומגליקליכע אין דער גרויסער רוסלענדישער מלוכה. איינאונאייַנציג פאָליטיש רעכט! דאָס רעכט צו נעמען אַנטייל אין די וואַלען צו דער רוסלענדישער פאָלקספאַרטרעטונג. דאָס רעכט זיך צו בעטייליגען אין וואַלקאַמפף, דורכפירען, — אויב מעגליך, אייגענע פאָרשטייער, און אויב ניט מעגליך, — אויסאיבען, לכל הפחות, אַנ'איינפלוס אַף דעם רעזולטאַט פון די וואַלען. דורכפירען אייגענע פאָרשטייער, וועלכע וועלען דערציילען דער גאַנצער וועלט וועגען אונזערע ליידען און ווייטיגען; וועלכע וועלען אָפּבינדען פאַר די אויגען פון דער גאַנצער מענשהייט דעם פעכיר מיט אונזערע טרערען, — ווייַזען, אַז די טרערען זענען שוין געמישט מיט בלוט, אַז עס איז שוין נישטאָ קיין כח צו וויינען, אַז עס איז שוין נישטאָ קיין געדולד צו ליידען, אַז עס איז שוין קיין גאַנצער אבר אין אונזער צוברעקעלט לייב ניט געבליבען, און וועלכע ווע-

לעֶן פאָדערן, אין נאָמען פון אונזערע מענשליכע, בירגערליכע און נאַציאָנאַלע רעכטע פאָדערן, מ׳זאָל אָפּשמידען די נעץ פון קייטען, וואָס דריקט אונז פון אַלע זייטען, אונז געבען די מעגליכקייט צו אָטעמען גלייך מיט אַלע—מיט דערזעלבער לופט, ווי אַלע... אָדער, לכל הפחות, אויסאיבען אַ אייַנפלוס אַף דעם רעזולטאַט פון די וואַלען, אום עס זאָלען כאָטש נישט געווײַלט ווערען אונזערע פאַרביסענסטע פייַנט...

צי דאַרף מען נאָך דערציילען אַ יידען, ווי דעם יידען לעבט זיך שלעכט? צי זענען נישט רויט די יידישע גאַסען פון דעם יידישען בלוט? נישט נאָר פון דעם בלוט, וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס פאַרגיסען,— נאָר פון דעם, וואָס טריפט זיך פון אונז אין רוסלאַנד שוין צענדליגער מיט יאָרען, אונטער די אייזערנע רינגען פון „רעכטליכער” בעגרענצונג, אונטער די ברענענדיגע וואונדען פון מאָראַלער בעליידיגונג? צי שרייען דען נישט ביז׳ן הימעל אַפילו די שטיינער פון אונזערע אָרימע און עלענטע קעלערס?

און צי דאַרף מען נאָך ברענגען בעווייזען, אַז דערדאָזיגער גיהנום וועט נישט אָפּהערען, כל זמן דער אַלטער רעזשים, דער ביזהעריגער ביוראָקראַטישער רעזשים וועט זיין באַ דער מאַכט? צי דאַרף מען נאָך דערקלערען, אַז דער גאַנצער ווילקיר, די גאַנצע פאַרוואַלדונג פונ׳ם אַלטען רעזשים לעגט זיך צו׳ם אַלעמערשטען און אַם שווערסטען נאָר אַף אונז? צי דאַרף מען נאָך וועמען איבערציינגען, אַז דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, ווי איין מענש, דאַרף וועלען און שטרעבען און מיטהעלפען דערצו, אַז די זון פון פרייהייט זאָל וואָס גיכער אָפּשיינען אַף דעם רוסלענדישען הימעל און צושמעלצען דאָס אייז, וואָס פאַרפרירט מער ווי אַלץ—אונזערע שוואַכע גלידער; אויסטריקענען די בלאָטע, אין וועלכער טיפער ווי אַלץ זינקען מיר; אויסראָטען דעם גיפט, וועלכער צובייסט שטאַרקער ווי אַלץ אונזער לייב?...

און צי איז מעגליך, עס זאָל זיך נאָך געפונען כאָטש איין ייד, וואָס זאָל נישט פאַרשטיין, אַז דער ערשטער שריט צו דער בעפרייונג פון דעם גאַנצען אונטערדריקטען רוסלאַנד, און פון די אונטערדריקטסטע פון אַלע אונטערדריקטע—פון די יידען,— איז דער איבערגאַנג פון דער פולער מאַכט פון דער ביוראָקראַטיע צו׳ם פאָלק אַליין? און אַז דער אָנהייב פון דעמדאָזיגען איבערגאַנג איז—די בילדונג

פון אַ רוסלענדישער פאָלקספאַרטרעטונג, דאָס צוזאַמענרופען פון דער
גאָסודאַרסטווענע דומאַ?

צי איז נאָך פאַראַן צווישען די יידען אַזאַ בלינדער, וואָס זאָל
נישט האָבען געזען, ווי עס האָט זיך בעצויגען צום יידישען פאָלק
די ערשטע גאָסודאַרסטווענע דומאַ; וואָס זאָל נישט זיין איבערצייגט,
אַז דידאָזיגע בעציהונג וואָלט געווען נאָך פיל קלאָרער און דייט-
ליכער, ווען מיר וואָלטען דאָרט האָבען פאַסענדיגע פאַרטרעטער, און
נישט אַזאַ אונפאַרביג, פאַרלוירען הייפעל פון פּאָליטיש-פלאַכע
רעפּוטאַטען מיט זייער בטלנ׳ישער ענו׳דיגער אונטערטירטאַקטיק?

פאַרוואָס-זשע שלאָפט די פּויליש-יידישע פּראָווינץ? פאַרוואָס
בעציט זי זיך אַזוי גלייכגילטיג צו דער איצטיגער וואַלקאַמפּאַניע?
די רעגירונג זיצט נישט צוזאַמענגעלעגט די הענט. דיזעלבע ביוראָ-
קראַטיע, וועלכע זאָגט אונז צו רעפאָרמען, און שטיצט אין דערזעל-
בער צייט דעם בלוטיגען יידענפרעסענדיגען פּאָגראָמפּערייען פון עכט-
רוסישע לייט; דיזעלבע ביוראָקראַטיע, וועלכע שטרעבט מיט אַלע
קרעפטען צוריקצושטעלען דעם אַלטען רעזשים, דעם רעזשים, וואָס
אָטעמט מיט ווילקיר און פאַרווילדונג, און וואָס אַפילו זיין הויך איז
אָנגעזאַפּט מיט אונזער בלוט, — דיזעלבע ביוראָקראַטיע מאַכט שוין
4 מאָנאַטען ענערגישע פאָרבערייטונגען צו די וואַלען, זי וויל אויס-
קינסטלען אַ שוואַרצע דומאַ, וועלכע זאָל איינגיין אַף אַלץ, וואָס די
ביוראָקראַטיע טוט; וועלכע זאָל מסכים זיין איבערצולאָזען די הויפּט-
ראָלע דער ביוראָקראַטיע מיט איר ווילקיר און מיט איר שרעקליכער
בעציהונג צו די יידען...

די ביוראָקראַטיע שלאָפט נישט...

און מיר שלאָפען...

צי זענען מיר שוין טאַקי אַזוי דערשלאָגען, אַז מיר זענען גע-
וואָרען פאָלקאָם נישט-פילענדיג? צי זענען מיר שוין אַזוי פאַרזונקען
אין אונזער אייגענעם עלענט, אַז קיין שום לעבעדיג וואָרט קאָן צו
אונזערע אויערען נישט דערגרייכען? צי זענען מיר טאַקי שוין אַזוי
פאַרפוילט, אַז מיר האָבען פאַרלוירען די פעיגקייט צו בעוועגונג?

דאָס שטילשווייגען פון דעם גרעסטען טייל פון דער יידישער
בעפעלקערונג אין פּוילען, פון דעם גאַנצען מיטעלען קלאַס אונזערען,
פון די, וועלכע קאָנען איצט האָבען דעם הויפּטאיינפלוס אַף דעם
כאַראַקטער פון דער יידישער פאַרטרעטונג אין דומאַ, — דאָסדאָזיגע

שטילשווײַגען — איז שרעקליך!

כאַפּט זיך אָף, — ווײַל אין די פאַרצווייפעלטע נשמה רײַסט זיך אַרײַן אַ שוידערהאַפטיג געפיל, דאָס געפיל פון לערקײט, פון טויט-קײט! כאַפּט זיך אָף, אָדער אין פאַרגליווערטען מוח דרינגט אַרײַן דער ווילד-אונגעהײַערער געדאַנק, אַז מיר זענען גאָר נישט און פאַר-מאָגען גאָרנישט... און דאַרפען גאָרנישט... און ווילען גאָרנישט... און שטרעבען צו גאָרנישט. און אַלץ איז געקינסטעלט, אַלץ איז טאַנדעט: אונזער נאַציאָנאַלע בעוועגונג, אונזערע פאַרטײען, אונזערע השבונות...

די יעצטיגע מינוט קאָן העל בעלײַכטען די פראַגע: צי קאָנען מיר אָפּלעבען, אָדער מיר זענען פאַראורטײלט אַף אונטערגײן, און זינקען — פאַר'יאוש'ט שנעל, פאַר'יאוש'ט הילפלאָז?...

„דער וועג“, 1906, נ' 246.

װאַרשע, 5 (18) נאָװעמבער.

## סענקעװיטשס „מאַניפעסט".

דער בעװאוסטער פּױלישער שרײַבער ס ע נ ק ע װ י ט ש האָט אָפּ-
געדרוקט אין „ד ז י ע נ נ י ק פּ אָ ז נ אַ נ ס ק י" אַ בריװ, אַנ׳אַרט אָפּרוף צום
פּױלישען פאָלק, אין װעלכען ער רעדט אַרום די הײַנטיגע לאַגע אין
פּױלען.

— „די װאַלען זענען געװיס נישט די װיכטיגסטע פון אונזערע אָפּ-
גאַבען, װײַל פיל דערװאַרטען פון דעם רוסישען פּאַרלאַמענט, אָדער
פון דער רעגירונג, הײסט פאַרגעסען די װירקליכקײט. עס װעט נאָך
פיל װאַסער דורכפליסען, אײדער מ׳װעט אין רוסלאַנד פאַרשטײן,
דאָס די בעדײַטונג פון אַזעלכע פראַגען, װי די ג ר ו ז י נ י ש ע, י י ד י-
ש ע, ט אָ ט ע ר י ש ע, און אַפילו די פינלענדישע, איז גאָרנישט אין פאַר-
גלײַך מיט דער ריזיגער בעדײַטונג פון דער פּ ױ ל י ש ע ר פראַגע...

„איך רעכען אפילו, אַז בײַ די אמת׳ע נאַציאָנאַלע געפילען פון
דעם גרעסטען טײל אײַנװאױנער אין פּױלען, האָבען די נ י ש ט פּ ױ ל י-
ש ע עלעמענטען קײן שום אױסזיכטען נישט דורכצופירען זײערע קאַנדידאַטען;
דאָך דאַרף מען נישט קאַרגען קײן מיה, אַרבעט און צײַט צו מ אַ-
כ ע ן פ ו ן ד י ד אָ ז י ג ע א ױ ס ז י כ ט ע ן אַ נ ו ל. װען דער פּעסימיזם
איז אַ קאַליזשע, אין װעלכער עס ליגט מיט פערגעניגען דער עגאָאיזם
און די פױלקײט, איז װידער דער אָפּטימיזם אָפט װי אַ קלײן קינד,
פון װעלכען עס קאָן אַרױסװאַקסען אַ נאַרישער מענש. מיר טאָרען
נישט פאַרגעסען, װאָס דאָ נישט לאַנג האָט זיך געטון אין דעם פּױ-
לישען לאַנד. עס קלינגען אונז נאָך אין די אױרען די אומגלױבליכע
געשרײַען: „נידער מיט פּױלען!", װעלכע מ׳האָט געהערט אין

וואַרשאָ און אַנדערע פּוילישע שטעדט. עס שטייען אונז נאָך פאַר די אויגען די פּאַשקווילען, וועלכע מ'האָט געדרוקט אַפ'ן ווייסען אָד-לער — נישט אין די רוסישע רעגירונגסצייטונגען"...
„כאָטש די נישט-פּוילישע עלעמענטען האָבען קיין שום אויסזיכטען נישט דורכצופירען זייערע קאַנדידאַטען", דאָך געפינט דער „בעוואוסטער שרייבער" פאַר נייטיג „נישט קאַרגען קיין מיה, אַרבעט און צייט, אום צו מאַכען פון דידאָזיגע אויסזיכטען אַ נול"... ווי כאַראַקטעריסטיש איז דאָס פאַר דער נאַראָדאָוועך דעמאָקראַטיע! און דאָס, וואָס פון די „נישט פּוילישע עלעמענטען" בילדען די יידען אַליין 17 % אין דער פּוילישער בעפעלקערונג, און האָבען, אַלזאָ, רעכט לכל הפחות אַף 6 דעפּוטאַטען פון די 36, וואָס פּוילען שיקט, — מיט דעם רעכענט זיך דער „בעוואוסטער שרייבער" נישט! אַלץ, וואָס איז נישט פּויליש, האָט קיין רעכט נישט, דאַרף דערשטיקט ווערען, מוז אונ-טערגיין! — גאַנץ זיסע אויסזיכטען פאַר אונז, פּוילישע יידען.
און וויטער שרייבט דער „בעוואוסטער שרייבער":
— „מיר געדענקען, ווי מ'האָט זיך שטאַרק בעמיט אָפּצורעדען אַלעמען פון דער פּוילישער אידעע און פון דער ליבע צום פאָטער-לאַנד. פאַלש קאָן מען מיינען, אַז די מענשען זענען שוין נישטאָ, אָדער אַז זיי זענען אַ קליין ביסעל. דער באַרבאַרישער סאָציאַ-ליזם האָט צוגעצויגען אַ גרויסע מאַסע, איבערהויפּט פון די אַרבעטער. און האָט זיינס אָפּגעטון...
„עס וואָלט זיין אַנ'אמת אומגליק פאַר'ן לאַנד און אַ צייכען פון גייסטליכער אָרימקייט, ווען די צושטערענדיגע עלעמענטען זאָלען אין דער דומאַ זיין אונזערע פאַרטרעטער. ניין! פּוילען און זיינע אָנגע-לעגענהייטען קאָנען פון די היינטיגע סאָציאַליסטען קיין שטיצע האָבען, וויל זיי האַסען פּוילען".
די עכט רוסישע לייט רעדען אויך אַזוי — וואָרט אין וואָרט אַזוי!
אַלזאָ, די סאָציאַליסטען זענען פּסול.
טרף זענען אויך די „פּאָסטעמפּאָוצעס":
— „עס וואָלט נאָך אפשר נישט אַזוי שלעכט געווען, ווען די קאַנ-דידאַטען זאָלען זיין פון די, וואָס רופען זיך פּראָגרעסיווע, איבער-הויפּט פון דעם טייל, וועלכער שעמט זיך ווענינגסטענס נישט מיט זיין פּויליש האַרץ. אָבער אויך פאַר דעם דאַרף מען זיך בעוואָרענען, וויל עס זענען דאָ צווישען זיי מענשען מיט פאַרשידענע מיינונגען

און אָנזיכטען און איבערהויפּט איז מעגליך, אַז זיי זאָלען האַנדלען, נישט אָנפּרעגענדיג די „נאַראָדאָווצעס".

אָבער דער עיקר, — און דאָ ליגט דער נאַראָדאָוועֶר הונט בעֶ-גראָבען: —

„צו די סאָציאַליסטען און פּראָגרעסיווע געהערען אויך באַ אונז די געבילדעטע יידען, פון וועלכע אַ סך האָבען אָפען זיך אינ-גאַנצען אָפּגעזאָגט פון די פּוילישע אידעען. און דעריבער טאַקי דאַרף דאָס פאָלק, צוטוליענדיג צו זיך די, וועלכע פילען גלייך מיט אים, אָפּשטויסען יענע, וועלכע פאַרשטאַרקען די אַנאַרכיע, און יענע, וועלכע שפּייען דורך די סאָציאַליסטישע און ראַדיקאַלע פענסטער אַף דעם פּוילישען שאָוויניזם (?)"...

נישטאָ קיין גאָט אויסער דער „נאַראָדאָוועֶר דעמאָקראַטיע", און סענקעוויטש איז איר נביא...

אָבער שפּאַס אָן דער זייט. וועֶר זענען זיי, די ווילדע יידישע בעשעפענישען, וועלכע „שפּייען דורך די סאָציאַליסטישע און ראַדיקאַ-לע פענסטער אַף דעם פּוילישען שאָוויניזם" און „בענוצען מיט אַנט-ציקונג (?) דעם יידישען שאָוויניזם (?)?" אפשר וועט דער „בעוואוסטער שרייבער" זיין אַף אַזויפיל גוט, ער זאָל זיך וועלען מטריח זיין און געבען אַנ'ענטפער אַף די פראַגע?

טונקעל איז די וואַסער אין די וואָלקענס, און דאָס געוויסען— אין די פּוילישע „נאַראָדאָווצעס"!...

„דער וועג", 1906, נ' 248.

יוריצא, 12 (25) נאָוועמבער.

## צוויי נאַציאָנאַליזמען.

טוועֶר איז צו ענטפערן דעם, וואָס טרעט-אַרויס אונטער אַ מאַס-קע. שווער--דערפאַר, וואָס אין ברוסט קאָכט דער פערדראָס, דאָס בלוט זידט פאַר כעס, און די בעסטע געפילען טוען-וויי, נישט קאָ-נענדיג צוזיין די פאַלשקייט, דאָס צביעות.

יוען מיר ליינען דעם „דזוואָן פּאָלסקי", למשל, קאָנען מיר נישט זיין אַזוי אָפגערעגט. זיי, די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען, באַהאַלטען ניט זייער פנים. זיי זאָגען אָפען, וואָס זיי ווילען, צו וואָס זיי שטרעבען. זייער פראַזעאָלאָגיע ענטפערט פאָלקאָם זייער סאָ-ציאַל-פּאָליטישען פּרצוף. אויב מיר געפינען יאָ אַף זייער קערפּער אַ ביסעל פייגענבלעטער, איז נישט מער, ווי עס ווערט בכלל געפאָ-דערט דורך דעם בורזשואַזען שאָוויניזם, וועלכער, אַלס רעאַקציאָנערע דערשיינונג, מוז האָבען אַ געוויסען, אפילו ניט קליינעם, אָבער בע-שטימטען און אַלבעוואוסטען פּראָצענט פון פאַלשקייט און אונערליכקייט.

ווען מיר ליינען דעם „דזוואָן פּאָלסקי", איז אונז בעקאַנט: דאָס איז די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע, און מיר ווייסען שוין, וואָס מיר קאָנען דאָרט בעגעגענען, און מיר זענען שוין צוגעגרייט צו אַלעם, וואָס קאָן אונז דאָרט דערוואַרטען.

אָבער ווען אַ צייטונג הילט זיך אין ווייסען מאַנטעל פון פּראָגרעס, — און פון אונטער אים שטעקען די שוואַרצע נעגעל פון אַ רויבפויגעל, — גרויס איז דעמאָלט דער צאָרען, מיט גאַל שרייבט זיך דעמאָלט.

פאַראַן אין וואַרשא אַ צײַטונג „פּשעגלאָנד פּאָראַננײ״[1] .—
אים אַלגעמײַן איז דאָס אַ גאַסענבלעטל, וואָס לעבט פון נײַעס און סענסאַציעס. בשעת דעם ביאַליסטאָקער פּאָגראָם האָט די צײַטונג זיך אויסגעצייכנט מיט אירע פּראָוואָקאַטאָרישע דעפּעשען. אָבער דאָך איז דאָס איינע פון די עלטסטע פּוילישע צײַטונגען. זי האָט אַ נאָמען פון אַ פּראָגרעסיווען אָרגאַן. שטײַט, זאָגאַר, ווי מען זאָגט, לינקער פון דער „פּאָסטעמפּאָווער דעמאָקראַטיע״. ווערט גערעכענט פאַר אַ ייִדען-פרײַנטליך בלאַט. און האָט אַ סך לעזער צווישען די ייִדען. — און אָט די צײַטונג טרעט פון צײַט צו צײַט אַרויס מיט אַרטיקלען, וועלכע צווינגען צו בעדויערן: פאַרוואָס איז זי בעסער שוין נישט אָפען נאַראָדאָווע-דעמאָקראַטיש, איידער צו בעהאַלטען איר שאָוויניסטיש-רעאַקציאָנערע פּסיכיק אונטער קלינגענדיגע, לאַנג פון פילע העגט שוין פאַרשמאָלצעווע, כלומר׳שט פּראָגרעסיווע פראַזען, וועלכע זענען אין דער ווירקליכקײַט נאָר אַ ווײַטער אָפּקלאַנג פון די אמת׳ע פּראָגרעסיווע אידעען.

אין איינעם פון די לעצטע נומערן פון דערדאָזיגער צײַטונג איז דערשינען אַ לײַטאַרטיקעל, וועלכעס קאָן בעטראַכט ווערען אַלס פּראָגראַמאָפּטריט פון דעם בלאַט אין דער וואַלקאַמפּאַניע צו דער צווייטער דומאַ, און בכלל אַלס בעלײַכטונג פון דער אַלגעמיינער פּאָליטישער פיזיאָנאָמיע פון דער צײַטונג. דאָס אַרטיקעל הייסט: „צוויי נאַציאָנאַליזמען״. — מיר האָבען דעמזעלבען נאָמען גענומען אַלס טיטעל צו אונזער אַרטיקעל, ווײַל אין לעצטען ווילען מיר אָפּדעקען דעם ריכטיגען אינהאַלט, דעם אידעאָלאָגישען אונטערשלאַג פון דעם „פּשעגלאָנד פּאָראַנני׳ס״ אַרטיקעל, וועלכעס בעשטעטיגט נאָר אַנ׳איבריג מאָל אונזער מיינונג, אַז אין פּוילען האָבען מיר קעגען זיך 2 רעאַקציאָנערע שאָוויניסטישע נאַציאָנאַליזמען: איינעם אַנ׳אָפענעם פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע, און דעם צווייטען אַ פאַרשטעלטען — פון דער זאָגענאַנטער „פּאָסטעמפּאָווער״ דעמאָקראַטיע.

דאָס אַרטיקעל פון „פּשעגלאָנד פּאָראַנני״ איז פאַרפאַרבט מיט עטליכע העלע זײַדענע פאָדעם. די צײַטונג רעדט וועגען „העכערע אידעען״, וועלכע ווערען פאַרטרעטען דורך דער — — — „פּאָסטעמפּאָ-

[1]) יעצט: „קוריער פּאָראַנני״. —

טער דעמאָקראַטיע". די צײַטונג דערקלערט זיך פאַר „פרײַנט פון קולטור און הומאַניטאַריזם". דידאָזיגע פּעדעס זענען, אָבער, צו דין, צו שיטער, זיי לזאָען קאָנען פאַרדעקען דעם שוואַרצען אינהאַלט פון דעם גאַנצען אַרטיקעל.

דאָס גאַנצע אַרטיקעל פון „פּשעגלאָנד פּאָראַנני" קאָן בעטראַכט ווערען אַלס אַנ׳„על חטא" פון דער „פּאָסטעמפּאָווער דעמאָקראַטיע". ווי בעוואוסט, האָט די לעצטע בשעת די ערשטע וואַלען אין דומאַ געשלאָסען אַ בלאָק מיט דעם יידישען וואַלקאָמיטעט. דאָך האָבען גע-זיגט די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען, און פאַרשטענדליך, פאַרוואָס. זיי, די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען, זענען געווען פון אָנהייב אָן קעגען בוי-קאָטירען די דומאַ, האָבען אַלע צו דער צייט בעלעגט זייערע וואַל-דעקלאַראַציעס, און בכלל זיך ענערגיש צוגעגרייט צו דער וואַלקאַמ-פּאַניע. די פּאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע און די יידען האָבען צוערשט בויקאָטירט די דומאַ און צוגעטרעטען צו די וואַלען צו שפּעט. אויי-סער דעם, האָבען די „נאַראָדאָווצעס" זיך בענוצט בשעת די וואַלען מיט זער מיאוס׳ע קאַמפּמיטלען, און דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער „בלאָק" איז דורכגעפאַלען.

פאַר דער פּאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע האָט די מפלה, אויסער איר דירעקטען שאָדען, ד. ה. אויסער דעם, וואָס די „פּאָסטעמפּאָוו-צעס" האָבען ניט דורכגעפירט אין דומאַ קיין איין קאַנדידאַט זייערען, געהאַט נאָך אַנדערע אומדירעקטע פאָלגען. די פאָריגע וואַלען האָבען בעוויזען זער דייטליך און גאָר אונערוואַרטעט, אַז די פּאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע עקזיסטירט נאָר אַף דעם פּאַפּיר, אַז זי בעשטייט פון געציילטע פּערזאָנען, האָט קיין שום איינפלוס ניט אַף די פּױלישע מאַסען און קאָן דעריבער אויך ניט האָבען קיין גרויסע בעדייטונג אין פּאָליטישען לעבען פון לאַנד. דאָס איז געווען פאַר דערדאָזיגער פּאַר-טיי אַ שרעקליכער קלאַפּ, וועלכער האָט נאָך מער פאַרקלענערט איר אויטאָריטעט אין די אויגען פון דעם פּובליקום, און, אויסער דעם, אי-בעראַשט, פאַרטויבט אירע מיטגלידער זעלבסט. מ׳האָט געקאָנט דרייסט זאָגען, אַז נאָך די פּאַראַיאָריגע וואַלען אין דומאַ האָט די פּאָסטעמ-פּאָווע דעמאָקראַטיע אָפּגעהערט צו עקזיסטירען אַלס אַ בעזונדערע פּאַר-טיי, זי איז דערטרונקען געוואָרען אין איינדרוק פון איר אייגענער מפלה.

פאַרזונקען אין טרויעריגע געדאַנקען וועגען אייגענער אָנמאַכט,

נישט קאָנענדיג פאַרגעסען די שרעקליכע קאַטאַסטראָפע, און טראַכ-טענדיג איבער אירע סבות, איז די פאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע געקומען צום בעשלוס, אַז זי איז בעגאַנגען אַ גרויסען פעלער מיט דעם, וואָס זי האָט געשלאָסען דעם וואַלבלאָק מיט די ידען.

אַזוי זאָגט זיך אַרויס „פּשעגלאָנד פּאָראַנני״:

„דער בלאָק איז געווען אונצווייפעלבאַר דער הויפּטקוואַל פון דער מפּלה פון דער פּאָסטעמפּאָוער פּאַרטיי״.

אמת, די צייטונג אָנערקענט, אַז דורך דעם בלאָק האָט די פּאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע דערהאַלטען אַ גרויסען זיג פאַר דער פּוי-לישער נאַציאָנאַלער אידעע:

— „דער בלאָק איז געשלאָסען געוואָרען מיט דעם בפרש׳דיגען תנאי, אַז דער ידישער קאָמיטעט נעמט-אָן די פּאָדערונג פון אויטאָנאָמיע פאַר פּוילען און שטרייכט, זאָגאַר, אונטער דידאָזיגע פּאָדערונג זער דייטליך און בולט אין די וואַלאָפּרופען, וועלכע ער לאָזט-אַרויס״.

און דאָך איז דאָס געווען אַ שרעקליכער פעלער פון דער „פּאָס-טעמפּאָוער, דעמאָקראַטיע,״ — טענ׳עט „פּשעגלאָנד פּאָראַנני״:

— „די דערוועהרבונג פון דער ידישער בעפעלקע-רונג פאַר דער פּאָדערונג פון דער פּוילישער אויטאָ-נאָמיע האָט זיך אויסגעוויזען אין יענע פאַרהעלטעגישען פאַר אַזאַ וויכטיגען, פּרינציפּיעלען און אויסערגעוועהנליכען טריאומף, אַז פאַר זיין ווערט האָבען אַנדערע אָנגעלעגענהייטען אָפּגעטרעטען אַפ׳ן צווייטען אָרט״.

דהיינו:

— „די אָנפירער פון דער פּאָסטעמפּאָווע-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, ווי זיי האָבען געדענקט, האָבען געהאַט צו רעכענען דעראָף, דאָס די געזעלשאַפט וועט פאַרשטיין די דערהויבענקייט פון דעם פאַקט, און דאָס אונטער דעם איינדרוק, וועלכען דער פאַקט וועט אַרויסרו-פען, וועט די געזעלשאַפט נישט זיין גאָרנישט איבעראַשענדיגס אין דער מעגליכקייט, אַז אין דער גרופּע פּוילישע דע-פּוטאַטען זאָל זיך געפינען אויך אַ ספּעציעלער פאָר-שטייער פון די פּוילישע ידען, און אַז דערדאָזיגער פאָר-

שטייער זאָל ווערען אויסגעקליבען טאַקי דורך דער הויפּטשטאָדט פון לאַנד.

„איבריגענס, עס איז געטון געוואָרען אַלץ, אַז דערדאָזיגער פאַרשטייער זאָל זיין נישט קיין אַנדערער, נאָר אַ מענש מיט אויסער־אָרדענטליכע קוואַליפיקאַציעס, ערנסטע פּאָסטעמפּאָווע איבערצייגונגען און הייסען פּוילישען פּאַטריאָטיזם (!)".

אָבער, —

„דער רוב פון די פּוילישע ווייילער האָט דאָס אַלץ נישט פאַר־שטאַנען און נישט אָנערקענט. איינס נאָר האָבען זיי געהאַט אַפּ׳ן גע־דאַנק און אין זכרון: אַז יידען זענען צוגעטרעטען צו די וואַלען, אַלס אַ בעזונדערע, נאַציאָנאַליסטיש און רעליגיעז אָפּגעטיילטע אָרגאַניזאַציע, און אַז אַף דעם אַלעם קאָן מען בשום אופן נישט מסכים זיין אין די אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע (!) אינטערעסען"...

אַזוי האָט בעשלאָסען דער „רוב פון די פּוילישע ווייילער" („ogół polskich wyborców"), ד. ה. די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע, און דער „פשעגלאָנד פּאָראַנני" אָנערקענט דעמדאָזיגען בעשלוס פאַר ריכטיג.

ער זאָגט:

— עס איז געווען אַ פּאָליטישער פעלער נישט פּאָ־רויסצוזיין דעם פּאָרוואורף און צו אַפּראָבירען אַבע־זונדערע, ספּעציעל־יידישע אָרגאַניזאַציע און וואַל־קאַציע".

„פשעגלאָנד פּאָראַנני" דריקט זיך אַפילו אויס דעליקאַט: „ogół polskich wyborców", — מיר ווייסען, אָבער, אַז דערדאָזיגער ogół איז געווען, ווי געזאָגט, די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע, און מיר דאַר־פען זיך פאַרצייכענען דעם פאַקט: „פשעגלאָנד פּאָראַנני" איז מכח דעם פּאָרוואורף איינשטימיג מיט דער נאַראָדאָווער דעמאָ־קראַטיע!...

דער פאַקט רעדט פאַר זיך...

כאַראַקטעריסטיש איז שוין דער טאָן אַליין, מיט וועלכען דער „פשעגלאָנד פּאָראַנני" רעדט וועגען דער גאַנצער זאַך. דער טאָן דערוועקט עקעל. עס פילט זיך עפּעס אַ גרויעל אין דער שטי־מע פון דער צייטונג. עס איז צו זיין, אַז זי ציטערט אינגאַנצען באַם געדאַנק, דאָס די „פּאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע" האָט געקאָנט בע־גיין אַזאַ פאַרברעך: „אַפּראָבירען אַ בעזונדערע, ספּעציעל־יידישע אָר־גאַניזאַציע און וואַלאַקאַציע". — מיט דעם שריט איז די „פּאָסטעמפּאָווע

דעמאָקראַטיע" געגאַנגען קעגען דעם אַלגעמיינעם קרייז פון די פּוילי-שע ווײַלער, קורצער—קעגען דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַט-יע. די לעצטע איז געווען שרעקליך אָפּגעבראַכט, ביז די טיפּסטע תהומות פון איר פּאַטריאָטיזם אָנגערירט. „איינס נאָר האָט זי געהאַט אַפּ'ן געדאַנק און אין זכרון:—אַז די יידען זענען צוגעטרעטען צו די וואַלען אַלס אַ בעזונדערע נאַצי-אָנאַליסטיש און רעליגיעזיש-אָפּגעטיילטע אָרגאַני-זאַציע". די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע האָט געפילט מיט אַלע אירע רמ"ח אברים און שס"ה גידים, אַז „אַף דעם אַלעם קאָן זי בשום אופן נישט מסכים זײַן אין די אַלגעמיין-געזעל-שאַפטליכע אינטערעסען"... די יידען זענען בעגאַנגען אַזאַ שענדליכען טאַט, זיי זענען אַרויסגעטרעטען אַלס אַ זעלבסטשטענדיגע נאַציאָנאַלע גרופּע... און די „פּאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע" האָט דעם-דאָזיגען טאַט אַפּראָבירט. האָט זי נישט ערליך פאַרדינט כרת, לכל הפחות אין פאָרם פון סקילה? — האָט געפרעגט די נאַראָדאָווע דעמאָ-קראַטיע, און „פּשעגלאָנד פּאָראַנני" איז זיך איצט מודה, פאַר זיך אַליין, מיט שאַרפען ווייטיג אין די פּראָגרעסיווע נערוועז, אויסגעפלאָכטענע פון „אידעען פון העכערער קאַטעגאָריע": יאָ! זי האָט עס ערליך פאַר-דינט!

ס'טײַטש: אַ קלייניגקייט! די „פּאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע" האָט זיך דערלויבט „נישט צו זײַן קיין שום אויסטערלישקייט (nic rażącego) אין דער מעגליכקייט, אַז צווישען דער גרופּע פון די פּוילישע דע-פּוטאַטען זאָל זיך געפינען אויך — horribile dictu! — אַ ספּעציע-לער פאָרשטייער פון די פּוילישע יידען, און אַז דערדאָזיגער פאָר-שטייער זאָל ווערען אויסגעווײַלט בפירוש — ווי גרויזאַם איז דאָס! — דורך דער הויפּטשטאָדט פון קאַנט"...

אַזאַ פלעק אַף דער גרופּע פון די פּוילישע דעפּוטאַטען, אַזאַ שאַנד פאַר'ן גאַנצען קאַנט און בעזונדערס פאַר דער סיגיזמונד-זײַל אַף דער קראָקעווער פאָרשטאָדט אין וואַרשאָ!

און די צײַטונג שפּירט, אַפּנים, גאָר נישט דעם גאַנצען אומ-בעוואוסטזיניגען, ווילדען אוממיטעלבאַרען אַנטיסעמיטיזם פון דער ניד-ריגסטער קאַטעגאָריע, וועלכער שטעקט אין דידאָזיגע ווערטער!

די צײַטונג בעדויערט ערנסט די העזה פון 2 וואַרשעווער בירגער, וועלכע פאָדערן אין „איזראַעליטאַ" אויך הייאָר, אַז די יידען זאָ-

ילען בעקומען פון פוילען „אויך 6 ספעציעלע דעפוטאטען" (א מין עולה!!!), און פון זיי זאל איינער זיין „דוקא פון ווארשא."

די צייטונג זייט אין דעם כלומרשט א „בגידה" אין די „העכערע אידעען". די פאדערונגען פון דער יידישער בעפעלקערונג צו האבען אייגענע פארשטייער אין דומא בעטראכט די צייטונג אלס א רעאקציא-נערע, אלס א שאוויניסטישע דערשיינונג.

זי שרייבט:

„אף וואס פאר אנ'אופן קאנען מיר קעמפען קעגען אונזער אייגענעם נאציאנאליזם, ווען מיר דולדען און נעמען אן, אלס הילפס-מיטעל אין אונזער טעטיגקייט, — א דערשיינונג, וועלכע שטאמט, ווי עס זאל נישט זיין, פון פרעמדע נאציאנאליסטישע אינסטינק-טען?!"

די צייטונג דערקלערט פייערליך, אז אף די ספעציעלע יידישע וואלקאמפאניע „קאן מען אף קיין אופן נישט מסכים זיין", ווייל דאס וואלט געווען קעגען די „אלגעמיינ-געזעלשאפטליכע אינ-טערעסען"...

דאס איז, אבער, מער נישט ווי צביעות! הוילע און פוילע פראַ-זען! ווער זענען זיי, אט די כלומר'שטיגע „אלגעמיינ-געזעלשאפטליכע אינטערעסען," וועלכע דערלויבען נישט צו אנערקענען פאר די יידען דאס רעכט אף א זעלבסשטענדיגע פארטרעטונג אין דומא? אפענהער-ציגער און ערליכער זענען שוין די נאראדאווע דעמאקראטען, וועל-כע זאגען גלייך, אהן שום קווייטשקלען זיך: „מיר זענען הארען פון לאנד, און מיר ווילען נישט, אז קיין אנדערער זאל דא א דעה זאגען. אלע נאציאנאלע מינדערהייטען דארפען פארשוואונדען גיין. פוילען איז נאר פאר פאליאקען. — קיין יידען טארען אף דער וועלט נישט זיין. דאס איז א מלוכה אין א מלוכה. אדער ווערט פאליאקען, אדער גייט אייך פון דאנען! ווער עס וויל לעבען צווישען אונז מיט זיין אייגען לעבען, — דער איז אונזער פיינט"!

שרעקליכע ווערטער, אבער אפענע ווערטער! אזוי רעדען אלע שאוויניסטישע, מענשענפרעסערישע עלעמענטען בא אלע פעלקער.

„די „פאסטעמפאווע דעמאקראטיע" און „פשעגלאנד פאראנני" מיט איר, שעמען זיך צו זיין אזוי אפען, זיי שווינדלען מיט אידעען, שפי-לען זיך מיט פראזען. זיי רעדען נישט וועגען די פוילישע אינ-טערעסען. דערויף זענען זיי דאך צו „פראגרעסיוו". זיי רעדען

וועגן „אַלגעמיינ-געזעלשאַפטליכע אינטערעסן". אַנדערע ווער-
טער, אָבער דער עצם דערזעלביקער!

די צייטונג איז מאוס-רעאַקציאָנעריש מיט דעם, וואָס זי טרעט מיט
די פיס די הייליגסטע פּרינציפּען פון פּראָגרעס, די ערשטע יסודות פון
דעמאָקראַטיזם. זי וויל זיך נישט רעכנען מיט דעם פאַקט, אַז די יי-
דען בילדען אַ נאַציע, פילען זיך אַלס אַזעלכע, און האָבען, דע-
ריבער, דאָס רעכט אַף נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ. אַלס נאַציע — האָבען
די יידען אייגענע בעדערפעניש̇ען, וועלכע זיי מוזען און דאַרפען צו-
פרידענשטעלען, און אין וועלכע קיין שום ערליכער פּראָגרעסיסט טאָר
זיי נישט אָפּזאָגען. דאָס רעכט אַף אייגענע פאַרטרעטונג אין געזעצ-
געבענדיגען אָרגאַן פון לאַנד — איז איינס פון די עלעמענטאַרישע רעכט
פון יעדערער סאָציאַלער גרופּע, ווייל ווער קאָן בעסער וויסען, פאַר-
שטיין און פילען די בעדערפעניש̇ען פון אַ געוויסער סאָציאַלער גרופּע,
ווי איר אַ בלוטגליד?

דער „פשעגלאָנד פּאָראַננַי" האָט אַפילו אַנטדעקט, אַז „פּאָדערן
אַ פאַרטרעטונג פאַר ספּעציעלע אינטערעסען" איז „נישט דעמאָקראַטיש",
ווייל דאָס איז „קעגען דער טענדענץ פון דער נייער צייט, וועלכע
שטרעבט צו אַלגעמיינע וואַלען". אָבער מיר קאָנען בערוהיגען די
הויכגעשעצטע צייטונג. זי מוז, ווי עס שיינט, זער ווייניג זיין בע-
האַווענט אין די בעדייטונג פון די בעגריפען „אַלגעמיינע וואַלען"
און „דעמאָקראַטיזם". דער פאַרפאַסער פון'ם אַרטיקעל האָט זיין גאַנ-
צע פּאָליטישע דערציונג דערהאַלטען, אַפּנים, נישט ווייטער, ווי אַף
מענשיקאָווס אַרטיקלען אין „נאָוואָיע ווּרעמיאַ", — ווען נישט,
וואָלט ער געוואוסט, אַז טאַקי דער דעמאָקראַטיזם פּרעדיגט
[illegible]דוש, אַז יעדע דערשיינונג אין פּאָליטישען און סאָציאַלען לעבען
פון אַ לאַנד האָט דאָס רעכט פאַרטרעטען צו ווערען אין פּאַרלאַמענט,
און דעריבער גייט דער דעמאָקראַטיזם ווייטער פון דעם
אַלגעמיינעם וואַלרעכט, און דעריבער קעמפּט דער אמת'ער דעמאָ-
קראַטיזם אין אַלע פּראָגרעסיווע לענדער פאַר פּראָפּאָרציאָנעלע
וואַלען.

מען דאַרף זיין אַזוי פלאַך, אַזוי צביעות'ג און אַזוי אומפאַר-
שעמט, ווי דער „פשעגלאָנד פּאָראַננַי", מ'זאָל קאָנען איינזיין אַ
נאַציאָנאַליסטישען שאָוויניזם אין דעם פאַרלאַנג פון די יידען, וועלכע
בילדען אין פּוילען 17% פון דער בעפעלקערונג, צו האָבען אַנ'אייגענע

פאַרטרעטונג אין דומאַ. 36 דעפוטאַטען שיקט פּוילען אין דומאַ, און 7 געהערען אונז. דאָס איז אונזער רעכט, אונזער איינציג פּאָליטיש פאַרמעגען, און אַרויבער איז דער, וועד עס וויל דאָס-דאָזיגע רעכט באַ אונז צונעמען, ווער עס אָנערקענט אונז נישט דאָס-דאָזיגע רעכט, מיט וואָס פאַר אַ פּראַזען ער זאָל זיין געוואַלטאַט נישט פאַרדעקען!... ווער דערוועגט זיך אונזער ווילען אויסצונוצען דאָס איינציגע פּאָליטישע רעכט אונזערס—ווער דערוועגט זיך אים צו פאַרגלייכען מיט דעם נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיזם? ווער דערוועגט זיך אַוועקצושטעלען אונזער וואַלקאַמפּ לעבען דעם וואַלקאַמפּ פון דער נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע און אָנשרייבען אַנ'אַרטיקעל „צוויי נאַציאָנאַליזמען"? דער „פשעגלאָנד פּאָראַנני",—מוזען מיר אים דערקלערען, אַז ער איז נישט ערליך, אַז ער טיילט זיך אומזיסט אָפּ פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע, ווייל זיין „פּראָגרעסיווקייט" איז נישט פיל בעסער פון דעם „דזוואָן פּאָלסקיס" שאָוויניזים.

דער „פשעגלאָנד פּאָראַנני" וואָרענט אונז נאָך, אַז מיט אונזער וואַלקאַמפּ „צובלאָזען מיר נאָר די יידישע פּראַגע און העלפען מיט דעם טריומף פון דעם ען-דע-צישען נאַציאָנאַליזם איבער דעם פּוילישען פּראָגרעסיווען פּאָליטישען געדאַנק". אַוועק מיט אַזעלכע וואָרענישען! מיר ווענען זיך קיינמאָל נישט אָפּזאָגען פון אונזערע גערעכטע פאָדערונגען, ווי שטאַרק דאָס זאָל נישט „צובלאָזען די יידישע פּראַגע". קויפען זיך דאָס לעבען, די טאָלעראַנץ צו אונזער עקזיסטענץ — מיט שווייגען, מיט דערנידערונגען, „מיט פאַרציכטונג אַף אונזער רעכט,— ניין, דאָס איז צו שענדליך פאַר אונז. מיר האָבען שוין איבערגעוואַקסען דעם צושטאַנד, ווען מיר האָבען געצאָלט אַזאַ פּרייז פאַר דעם „חסד" נישט פאַרניכט צו ווערען...

אויך זענען מיר גאָרנישט געניינט צו דענקען, אַז מיר לעבען נאָר פאַר דער פּאָסטעמפּאָווער דעמאָקראַטיע. — אונזער וואַלקאַמפּ קאָן שאַטען דער פּאָסטעמפּאָווער דעמאָקראַטיע? דאָס וואָלט אונז געקאָנט קימערן, ווען די דאָזיגע פּאַרטיי וואָלט געווען אַנ'אמת פּראָגרעסיווע. אָבער פון דער מינוט אָן, ווען זי זאָגט אונז אָפּ אין אונזערע נאַציאָנאַלע רעכט, הערט זי אָף צו עקזיסטירען פאַר אונז אַלס אַ פּראָגרעסיווע גרופּע. נאָר פאַר אַנ'אמת דעמאָקראַטישע פּאַרטיי קאָנען מיר עפּעס אָפּפערן, — אָבער קיינמאָל ווענען נישט די דאָזיגע אָפּער אָנרירען אונזערע נאַציאָנאַלע רעכט. — זיי זענען אומבעריהרבאַר...

„דער וועג", 1906, נ"נ 254—255. —

װאַרשאַ, 19 נאָװעמבער (2 דעצעמבער). —

## פון „לינקס" און פון רעכטס.

אַביסעל װאַלמאַטיװען.
זיס זינגט „ליודסקאָסק":[1])

— „באַ די פריערדיגע װאַלען זענען אַנטקעגען זיך געשטאַנען 2 פאַקטאָרען: דער נאַציאָנאַליזם און דער פּראָגרעס. צום לעצטען זענען אויך צוגעשטאַנען די ידען פון פאַרשידענע איבערציי־גונגען, מיט דעם געדאַנק, אַז די פּראָגרעסיסטען, װעלכע טרעטען אַרויס פאַר די אַלגעמיינע פּראָגרעסיװע יסודות, װעלען אויך געװיס פעסט קעמפען פאַר די גלײַכבערעכטיגונג פון די ידען, װי פאַר אַ זאַך, װאָס גייט אַרײַן אין פּראָגרעסיװ־דעמאָקראַטישען פּראָג־ראַם. די ידען האָבען דעמאָלט אויסגעאַרבעט אַ שותפות'דיגען בלאָק, װײַל זיי האָבען געװאָלט, — װען די נאַראָדאָװע דעמאָקראַטיע האָט זיי צוריקגעשטויסען לויט איר לאָזונג, — מיט געמיינזאַמער אַרבעט סימ־באָליזירען זייער בירגעררעכט, מיט צוזאַמענגענומענע שטימען אונטער־שטיצען די פרײַהײַטספּראָגראַמען". —

אַ גלעט, הייסט עס, די ידען איבערן בעקעל...
און נאָך דעם גלעט — אַביסעל דיפּלאָמאַטיש־צבוע'דיגען מוסר. דהיינו:

„איצט האָט זיך באַ די פּראָגרעסיװע ידען די ריכטונג געענ־דערט. אַ גרויסער (?) טייל פון דער ידישער אינטעליגענץ איז יעצט

---

[1]) איצט: „נאָװאַ גאַזעטאַ". —

קעגען אַ ריין יידישען בלאָק, און, אָנשטאָט דעם, ווילען זיי זיך אָר-
גאַניש צוזאַמענגעמען מיט׳ן פּראָגרעס. זייענדיג אָנגעלערנט דורך די
פּאָריגע וואַלען, ווילען זיי שוין נישט זיין קיין אורזאַך, אַז די נאַראָ-
דאָוויצעס זאָלען קאָנען אויסנוצען זייער פאַלשע רעכענונג״. —

פאַרוואָס איז אַ „ריין יידישער בלאָק״, ווי די צייטונג דריקט זיך
אויס, נישט „פּראָגרעס״, — בלייבט אַ סוד פון דער פאָסטעמפּאָווער דע-
מאָקראַטיע... וואָס אָנבעלאַנגט דער לעצטער פראַזע פון „ליודסקאָסץ״,
מוזען מיר בעמערקען דער געערטער צייטונג, אַז די פּאָריגע וואַלען
האָבען אונז אַף אַזוי פיל „אָנגעלערנט״, דאָס מיר זענען שוין גוט
בעקאַנט מיט אַלע שווינדלען פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע און
וועלען הייאָהר זוכען מיטלען, ווי זיי נישט צו דערלאָזען אַ צווייט
מאָל. אָבער קיינמאָל וועלען מיר פאַר „פּחד״ פאַר דעם נאַראָדאָווען
כעס זיך נישט אָפּזאָגען פון דעם רעכט צו האָבען אייגענע פאָרשטיי-
ער פון פּוילען, וואו מיר בילדען 17% פון דער בעפעלקערונג, ווי
אויך פאַרטיידיגען אונזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען... אַזאַ פּשרה וואָלט
געווען אַ שטערבליכע סכנה פאַר דער צוקונפט פון דער יידישע נאַ-
ציע אין פּוילען. איינציין אַף אַזאַ פּשרה קאָנען נאָר די עטליכע פאַר-
פּוילטע אַסימילאַטאָרען. פאָדערן, ווידער, אַזאַ פּשרה פון די יידען קאָן
נאָר אַזאַ נאַיווע און פלאַכע פּאָליטישע פּאַרטיי, ווי די פּ. ד-ציע,
און אַזאַ לעדיג-ליבעראַלע צייטונג, ווי „ליודסקאָסץ״.

---

„דזוואָן פּאָלסקי״ פּויקט אין פּויקען:

— „די קריסטען דאַרפען זיך נישט בערויגען מיט דעם, וואָס
אין עטליכע צירקלען זענען זיי מער, ווי די יידען. ווער עס רעכענט,
אַז צוליב דעם זענען שוין אונזערע וואַרשעווער קאַנדידאַטען זיכער,
קאָן זייער מאוס אַנטוישט ווערען...

„עס האַנדעלט זיך אין דעם, אַז ווען די קריסטליכע בעפעלקע-
רונג זאָל דערלויבען די יידען בעקומען די מערהייט, קאָנען נאָך פון
די לעצטע מנצח זיין די סעפּאַראַטיסטישע פּאַרטייען, וועלכע
וועלען די מאַנדאַטען פון וואַרשאָ אָנטרויען עפּעס ציוניסטען אָדער בונ-
דיסטען, נישט פרעגענדיג אפילו באַ זיי, צי זיי קענען פּויליש, ווי
דער יידישער וואַלקאָמיטעט פון לאָדז האָט דעציזירט אין דער הינ-
זיכט״. —

ערשטענס, מוזען מיר בעמערקען, אַז די „מעשה מיט דעם ייִדי־שען וואַלקאָמיטעט אין לאָדז" איז אַ ליגען, און איז שוין אָפּיציעל אָפּגעלייקענט געוואָרען.

און נאָך אַ בעמערקונג:

„סעפּאַראַטיזם"—איז איינס פון די ווערטער, מיט וועלכע מ'וואַרפט זיך, נישט פאַרשטייענדיג זייער אינהאַלט. דאָסדאָזיגע וואָרט האָט אַ בעשטימטע, ריין פּאָליטישע בעדייטונג אין שמאָלען שטאַטסטע־ריטאָריאַלען זין. אַ פאָלק איז דעמאָלט סעפּאַראַטיסטיש, ווען עס שטרעבט זיך אָפּצוּרייסען פּאָליטיש און טעריטאָריאַליש פון דער הויפּטמלוכה און ווערען פאָלקאָם אומאָפּהענגיג און זעלבסטשטענדיג. סעפּאַראַטיסטען זענען די פּאָליאַקען, וועלכע ווילען, אַז פּוילען זאָל זיך אָפּרייסען פון רוסלאַנד. ווען „נאָוואָיע ווראַעמיאַ" רופט־אָן סעפּאַראַטיזם די פאָדערונג פון די פּאָליאַקען וועגען אויטאָנאָמיע, איז די צייטונג נישט גערעכט, און דערזעלבער „דזוואָן פּאָלסקי" ווערט נישט זשאַלעווען קיין צען אַרטיקלען, אום דאָס צו בעווייזען. נאָר ווי עס קומט צו די ייִדען, ווערען „סעפּאַראַטיסטען" אי די ציוניסטען, אי די בונדיסטען. דער ייִדישער סעפּאַראַטיזם איז, אָבער, אַ זאַך, וואָס איז נישט געשטויגען און נישט געפלויגען. ווי קאָן זיין סעפּאַראַטיס־טיש אַ פאָלק, וואָס האָט קיין טעריטאָריע נישט, וואָס בילדט קיין שטאַט נישט, וואָס האָט, זאָגאַר, קיין זעלסטשטענדיגע נאָרמאַלע עקאָנאָמישע סטרוקטור נישט? וואָס ווילען די ייִדען „אָפּרייסען"!? אלא וואָס אָנבעלאַנגט די פראַגען וועגען ייִדישער פאַרטרעטונג אין אַלרוס־לענדישען פּאַרלאַמענט, וועגען פּראָפּאָרציאָנעלען סיסטעם אין אַלע פאָר־מען פון אַלגעמיינע און אָרטיגע וואַלען, וועגען נאַציאָנאַלע רעכט פאַר ייִדען; וואָס אָנבעלאַנגט דער ייִדישער קולטורעלער אָפּגעזונדערט־קייט,—קאָן דאָך דאָ קיין רעד וועגען סעפּאַראַטיזם נישט זיין! דאָס זענען אַלץ פראַגען פון נאַציאָנאַלע זעלבסטבעשטימונג, דערביי אין דער אַממערסטען פרידליכער פאָרם.

די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען מיט זייער שטומפּיגען מח קאָנען, אָבער, דאָס נישט פאַרשטיין! אָדער ווילען נישט! אָדער ביידע צוזאַ־מען: קאָנען נישט און ווילען נישט פאַרשטיין...

[„דער וועג", 1906, נ' 260.

װאַרשאָ, 10 (23) דעצעמבער.

# צו דער יידישער װאַלקאָמפּאַניע אין װאַרשאָ.

װאַרשא שלאָפט.

דאָס יידישע װאַרשא.

אַזאַ איינדרוק האָט יעדער װאַרשעװער.

אַזאַ איינדרוק האָט אויך דער יידישער זשורנאַליסט אין װ אַ ר ש אָ.

פון איין זייט איז אוממעגליך, איבער רײן-פּאָליטישע סבות, צו אַנטװיקלען אַ לעבעדיגע װאַלטעטיגקייט.

און פון דער אַנדערער זייט איז עפּעס נישט צו בעמערקען קיין ג ע ז ע ל ש אַ פ ט ל י כ ע אי נ י צ י אַ ט י װ ע אין דער פראַגע װעגען די װאַלען. אַפילו דאָס, װאָס עס קאָן געטון װערען, זאָגאַר אין די איצטי-גע אַדמיניסטראַטיװע תנאים, װערט אין װ אַ ר ש א אויך נישט געטון...

בשעת די היגע װײלער האָבען בעדאַרפט בעלײגען די װאַלדע-קלאַראַציעס, אום צו בעקומען װאַלרעכט, האָט זיך אין די גאַסען יאָ בעװיזען אַ בלעטעל מיט דער אונטערשריפט „ד ע ר י י ד י ש ע ר װ אַ ל-ק אָ מ י ט ע ט.” דאָס בלעטעל האָט גערופען די יידען צו געדענקען זייער חוב, ד. ה. עס האָט איבערגעחזר'ט דאָס, װאָס דער „װעג” האָט יעדען טאָג מיט גרויסע אותיות געדרוקט אין אָנהייב בלאַט.

אָבער דאָך האָט מען דאָס בלעטעל בעגעגענט מיט ליבע, מ'האָט געזײען אין דעם אַ סימן פון לעבען. עס איז דאָ אַ י י ד י ש ע ר װ אַ ל-ק אָ מ י ט ע ט — דאָס איז דער עיקר! דאָס הײסט, אַז די יידישע בע-פעלקערונג גרייט זיך ענערגיש צו די װאַלען.

לײדער, איז די פרייד געװען אַביסעל פּריצײטיג, װײל דער „יי-דישער װאַלקאָמיטעט” איז געװען נאָר אַ פיקציע. ער האָט אין דער

ווירקליכקייט גאָר נישט עקזיסטירט. איינע אַ פּריוואַטע פּערזאָן האָט דאָס בלעטעל פאַרשפּרייט, אום צו דערפילען דעם פּרינציפּ: „במקום שאין אנשים"... די גוטע כונה פון דערדאָזיגער פּריוואַטער פּער-זאָן פאַרדינט, נאַטירליך, די גרעסטע אָנערקענונג; אָבער דער פאַקט בלייבט אַ פאַקט: קיין יידישער וואַלקאָמיטעט איז דעמאָלט נישט געווען...

דיזעלביגע פּריוואַטע פּערזאָן האָט אַף זיך גענומען די אָפּ-גאַבע צו געבען אַנ'אימפּולס דער פאַראייניגונג פון דער וואַרשעווער יידישער פּרעסע אין דער פראַגע וועגען די וואַלען. אַף איינער פון די זיצונגען פון די פאָרשטייער פון די וואַרשעווער יידישע צייטונגען, זענען מיר געוואָר געוואָרען, אַז עס גרינדט זיך יאָ עפּעס אַ יידישער וואַלקאָמיטעט, אין דערביי אַ קאָמיטעט, אין וועלכען עס גייען אַריין יידישע נאַציאָנאַליסטען און ציוניסטען. אויך איז אונז געוואָרען פאַר-שפּראָכען, אַז, נאָך אַ טאָג, צוויי, וועט מען אויך אונז איינלאַדען אַף די זיצונגען פון דעם אַנטשטייענדיגען קאָמיטעט. עס האָט אונז אַפילו געוואונדערט, פאַרוואָס האָט מען אונז נישט גערופען גלייך אַף די ערשטע גרינדונגסזיצונגען פון דעם דערמאָנטען „קאָמיטעט": אָהן אונ-זער שטיצע קאָן דאָך קיין שום יידישער וואַלקאָמיטעט אין וואַרשאָ נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג אין דער מאַסע פון די וויילער...

עס איז איבערגעגאַנגען אַ לאַנגע צייט, און קיין איינלאַדונג פון דעם „יידישען וואַלקאָמיטעט" האָבען מיר אַלץ נישט דערהאַלטען... דערפאַר האָט מען אונז איינמאָל באַנאַכט מיטגעטיילט דורכ'ן טעלעפאָן די פרייליכע בשורה, מיט אַ ביטע גלייך אָפּצודרוקען אין „וועג" מיט „גרויסע אותיות":

— „נאָך גרינטליכע בעראַטונגען פון פאַרטרעטער פון פאַרשידע-נע ספערען און פאַרטייריכטונגען פון דער יידישער בעפעלקערונג איז וואַרשאָ, איז געגרינדט געוואָרען אַ יידישער וואַלקאָמיטעט". —

אַזוי האָט געהייסען די פרייליכע בשורה.

דער „וועג" האָט די ידיעה אָפּגעדרוקט, און דוקא מיט גרויסע אותיות, און געמאַכט דערצו פאָלגענדיגע אָנמערקונג:

— „דידאָזיגע ידיעה איז פאַר אונז זייער אומגעוואַרט. ווער זענען אָט די פאַרטרעטער פון פאַרשידענע ספערען און פאַרטייריכ-טונגען פון דער יידישער בעפעלקערונג אין וואַרשאָ? פאַרוואָס האָט די יידישע פּרעסע גאָר נישט געוואוסט וועגען דידאָזיגע בעראַ-

טונגען? די פּרעסע, אַלס די אײנציגע פאָרשטײערין פון דער יידישער עפענטליכער מײנונג, איז אויך דער אײנציגער קאָנטראָלער פון אַלע אַנשטאַלטען און אונטערנעמונגען, וואָס האָבען אַן׳אַלגעמײן-געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער, און עס איז אומפאַרשטענדליך, פאַרוואָס דער נײַגעבאַקענער קאָמיטעט קומט צו אונז מיט גרײטע החלטות און האָט נישט געפונען פאַר נײטיג אונז אײַנצולאַדען צו דער גרינדונגסאַרבעט".

פון דעמאָלט אָן זענען אַריבער שוין 2 וואָכען, און דער „יידישער וואַלקאָמיטעט" גיט פון זיך קײן סימן פון לעבען... ער האָט זיך אַפילו געווענדט צו אונז דורך זײַטיגע מענשען מיט אַ ביטע, אים מיטצוהעלפען דורך דרוקען אומזיסט — אַנאָנסען אין אַלע וואַלאָנגעלעגענהײטען, נאָר מיר זאָגען זיך אָפּ פון יעדען פאַרהעלטעניש מיט דעמדאָזיגען קאָמיטעט, מיר קאָנען אים קײן שום שטיצע נישט געבען, כל זמן מיר ווײסען נישט: ווער איז ער? פון וועמען בעשטײט ער? און וואָס טוט ער?

---

די יידישע פּרעסע ווײסט וועגען דעם אָריגינעלען „יידישען וואַל-קאָמיטעט" נאָר דאָס, אַז ער בעדאַרף,מ׳זאָל אים דרוקען אומזיסטע אַנאָנסען ... מער האָט דערדאָזיגער קאָמיטעט נישט געפונען פאַר נײטיג מיטצוטײלען דער יידישער פּרעסע וועגען זיך. נאַטירליך, מיר קאָנען זיך נאָר וואונדערן, פון וואַנען נעמט זיך צו דעם פון קײנעם נישט בעפאָלמעכטיגען „קאָמיטעט" אַזאַ העזה...

נאָר אַ דאַנק אַ צופאַל איז געוואָרפען געוואָרען אַ שטראַל ליכט אַף דעם דערמאָנטען „קאָמיטעט". עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער טוט יאָ עפּעס, און ווײַטער איז בעוואוסט געוואָרען, אַז אײניגע פּוי-לישע צײַטונגען זענען אין דער אַרבעט פון דעם יידישען „וואַל-קאָמיטעט" בעהאַווענט, מער, ווי די יידישע... מסתמא דאַרף אַזוי צו זײַן!

אײנער אַ היגער דאָקטאָר י. פּרענקעל איז פּלוצלונג, גלאַט אַזוי פון דער העלער הויט, אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ בריוו אין רעדאַקציע פון דער בעהאַלטען-אַנטיסעמיטישער צײַטונג „פּשעגלאָנד פּאַראַנני". צי עס פעלט אים אויס פּראַקטיק, צי עפּעס אַנדערש וואָס, נאָר ער האָט געפונען פאַר נוצליך פאַר זיך, אַפּ׳ן אָרט פון אַ מודעה אין דער אַנאָנ-סענאָפּטײלונג, זיך מאַכען אַ רעקלאַמע דורך אַ „בריוו".

דער עיקר פונ׳ם „בריוו״ איז, ווי עס שײַנט, מיטצוטײַלן דער וועלט, אַז דאָקטאָר פּ ר ע נ ק ע ל לעבט, נעמט אָן קראַנקע און האָט אויסער דעם, בעקומען אַ פאָרשלאָג „פון אײנער פון די פּאַרטײַען״ צו נעמען אַף זיך „אויך באַ די קומענדיגע וואַלען דעם כבוד צו זײַן פאָרזיצענדער״ אין דעם יידישען וואַלקאָמיטעט פון 3-טען צירקעל, אַזוי ווי באַ די פאָריגע וואַלען. ד״ר פ ר ע נ ק ע ל האָט זיך אָפּגעזאָגט, ווײַל ער קאָן נישט צוזײַען די ווילדקײַטען פון דעם וואַלקאַמפּ; ער האָט מורא, מ׳זאָל אַף אים קײן פּאַריבעל נישט האָבען, פאַרוואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו „דערפילען זײַן בירגערפליכט״, האָט אים זײַן געוויסען געצוואונגען... צו דערצײַלען אַביסעל פון חדר, אויס-זאָגען, מיט וואָס דער „יידישער וואַלקאָמיטעט״ בעשעפטיגט זיך... נישט מיט אַ שלעכטער כונה, חלילה, נאָר אדרבא, מיט גרויסער פרייד בעגריסענדיג די בעשלוסען פון קאָמיטעט... און ווירקליך, ווער די ערד זיך קאָנען נאָרמאַל דרײַען, ווען די וועלט וועט נישט ווי-סען, וואָס ער, דער „אומפּאַרטײַאישער״ ד״ר י. פ ר ע נ ק ע ל, וועל-כער נעמט-אָן קראַנקע פון 5 ביז 7 אָדער פון 4 ביז 6, דענקט וועגען דער יידישער וואַלקאַמפּאַניע?

און ד״ר י. פ ר ע נ ק ע ל דערצײַלט:

„די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע האָט אַלײן פאָרגעשלאָגען אי די יידען, אי די ליבעראַלע פּאַרטײַען אַ קאָמפּראָמיס, מיט דעם תנאי אָפּצוטרעטען עטליכע מאַנדאַטען און צו מאָדיפיצירען דעם הויפּטבײַן פון דעם קריג — די סאָלידאַרישקײט פון דעם פּוילישען „קאָלאָ״ אין דער קינפטיגער דומאַ״.

און ד״ר פ ר ע נ ק ע ל איז מלא אַנטציקונג:

— „עס איז גענוג, אַז די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען האָבען די ערשטע דערלאַנגט די האַנט צו שלום און האָבען נאָכגעגעבען זײַער פּיל, ווי פאַר אַ קלאַס (?), וואָס בילדט 30 % פון דער בעפעלקערונג״.

און ווײַטער דערצײַלט ה׳ י. פ ר ע נ ק ע ל:

— „נאָכגעגעבען האָבען אויך די י י ד י ש ע נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ס-ט ע ן, אַרויסוואַרפענדיג פון זײַער פּראָגראַם די פונקטען, וועלכע ר ײַ-צ ע ן אַם-מערסטען די פּאָליאַקען, ווי צום בײַשפּיל: דאָס רעכט פון דער יידישער ש פּ ר אַ ך און אַז. וו. — שוין אַפ׳ן גרונט פון די נאָכ-געבענישען פון דער זײַט פון 2 טײַלען פון דער אָרטיגער געזעלשאַפט וואָלט מען קאָנען צוטרעטען צו בויען די גאָלדענע בריק פון שלום,

װעלכערס זײַלען װאָלטען לעת-עתּה קאָנען בילדען: די דעמאָקראַ-
טיזאַציע פון דער מלוכהאָרדנונג, אױטאָנאָמיע פאַר פױלען,
די סאָלידאַרישקײט פון פּױלישען „קלאָ“ אַף נײַע, געמײנ-
זאַם-בעשטימטע גרונדען, גלײַכבערעכטיגונג פאַר יידען און
גאַראַנטיע פון די רעכט פון אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהײַטען“.

„פשעלאָם“, דער אָרגאַן פון פּ. פּ. ס., װעלכע איז, װי בע-
װאוסט, צוגעשטאַנען צו דער אַזױגערופענער „קאָנצענטראַציע,“ ד. ה.
אַרײַנגעטרעטען אין דעם בלאָק מיט די נ. ד., — „פשעלאָם“ בעשטע-
טיגט די מיטטײלונג פון ד״ר י. פרענקעל.

ער דערצײלט:

— „אונז איז בעװאוסט, אַז דער יידישער װאַלקאָמיטעט האָט
בעהאַנדעלט און בעהאַנדעלט נאָך איצט די פראַגע װעגען צוטרעטען
צו דער „קאָנצענטראַציע“.

און װײַטער:

— „אַף די טעמע שטױסען זיך צוזאַמען דאָרטען (אין יידישען
װאַלקאָמיטעט) פאַרשידענע מײנונגען; דאָס איז פאַרשטענדליך נאָך
מער דערפאַר, װאָס אין דעם קאָמיטעט געפונען זיך מענשען פון פאַר-
שידענע סאָציאַל-פּאָליטישע איבערצײַגונגען“.

דער „פשעלאָם“ זאָגט נאָך ניט אױס דעם אמת, צי איז דער
„יידישער װאַלקאָמיטעט“ געקומען צו בעשטימטע בעשליסען אין
דער פראַגע. אָבער װען מיר װעלען זיך דערמאַנען אָן די „גרונט-
פּרינציפּען“, װעלכע דער יידישער װאַלקאָמיטעט האָט דערקלערט, „אַלס
זײַנע פּאָליטישע װאַללאָזונגען“ (זײ „װעג“, נ׳ 265), און מיר װעלען
זײ פאַרגלײַכען מיט די „גרונטפּרינציפּען“, װעלכע ד״ר י. פרענ-
קעל ברענגט אַלס די „זײַלען פון דער גאָלדענער בריק פון שלום“
צװישען די יידען און די נ. ד., — מוזען מיר קומען צו דער איבער-
צײַגונג, אַז ד״ר י. פרענקעל װײסט, װאָס ער שרײַבט, און אַז
דער בלאָק צװישען די נ. ד. און דעם פון קײנעם ניט געװײלטען,
אין פאַרדעכטיגען פינסטערניש אַרבעטענדיגען „יידישען װאַלקאָמיטעט“,
איז, אַ פּנים, שױן אַ געשײענער פאַקט —, אָדער, לכל הפּחות,
כּמעט װי אַזעלכער —, און מיר מוזען באַצײַטענס אַרױסטרעטען
קעגען אים מיט דער גאַנצער קראַפט פון אונזער פאַראַכטונג....

„דער הײנט“, 1906, נ׳ 278.

וואַרשאָ, 18 (31) דעצעמבער. —

## דער יידישער וואַלקאָמיטעט און זיין פּראָגראַם.

פאָריגען דאָנערשטיג איז, ענדליך, פאָרגעקומען אַ זיצונג פון יידי־שען וואַלקאָמיטעט אין וואַרשאָ מיט אָנטייל פון פאָרשטייער פון דער יידישער פּרעסע.

לויט זיין צוזאַמענשטעל מאַכט דער קאָמיטעט אַזאַ איינדרוק, אַז עס וועט אים געלונגען עפּעס אָפּצוטון. עס גייען אין אים אַריין צי־וניסטען, נאַציאָנאַליסטען, סתם יידען, חסידים, אינטעליגענטען, סוחרים. דער קאָמיטעט איז אַ יידישער: קיין אַסימילאַטאָרען איז אין אים נישטאָ. ער נוצט בּרייט אויס דאָס רעכט פון קאָאָפּטאַציע: נעמט גערן אַריין יעדען, וועր עס אינטערעסירט זיך מיט די וואַלען, קאָן און וויל מיט עפּעס מיטהעלפען דער יידישער וואַלקאַמפּאַניע.

דער קאָמיטעט שטייט זער ווייט פון אונטערהאַנדלונגען מיט דער רעאַקציאָנערישער „נאַראָדאָווער קאָנצענטראַציע”. עס איז מעגליך, אַז איינצעלנע מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבען אַף אייגענער האַנט, און דערביי אַלס פּריוואַטע פּערזאָנען, זיך אַביסעל דורכגעשמועס׳ט מיט פאָרשטייער פון דער „נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע” וועגען אַ „בּלאָק”, אָבער דער קאָמיטעט אינגאַנצען, אַלס אַ זעלכער, קאָן, ווי עס שיינט, נישט בּעשולדיגט ווערען אין אַזאַ מיאוס׳ען שריט. פאַריגערט, די אָנגעזייענסטע מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבען אַף דער דאָנערש־טיגדיגער זיצונג ענערגיש און היציג פּראָטעסטירט אפילו קעגען דעם חשד, דאָס דער קאָמיטעט וואָלט געקאָנט אַזאַ שריט פאָרנעמען. זיי האָבען איינגעזייען אין אַזאַ חשד אַ בּעליידיגונג. אויב דער קאָמיטעט האָט נישט אָפּגעלייקענט די סענסאַציאָנעלישע קלאַנגען, האָט ער דאָס נישט געטון נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט דאָס געהאַלטען נידעריגער פון זיין כבוד. מיר זענען אַפילו נישט מסכים מיט אַזאַ אַרגומענטאַציע.

מיר געפינען זי פאַר צו סענטימענטאַל, און אין פּאָליטיק רעכענט מען זיך דאָך נישט מיט סענטימענטען. אין פּאָליטיק דאַרף מען אַרויסטרעטען שאַרף און אָפען. מיר האַלטען, דעריבער, אַז דער קאָמיטעט איז בעגאַנגען אַ פעלער מיט דעם, וואָס ער האָט די דערמאָנטע קלאַנגען נישט אָפּגעלייקענט אָפיציעל. אָבער דאָך מוזען מיר אויסדריקען אונזער איבערצייגונג, אַז דער קאָמיטעט דענקט, ווירקליך, נישט וועגען אָפּמאַכען מיט די רעאַקציאָנערישע פּאַרטייען.

עס געפינען זיך אַפילו אין אים מיטגלידער, וועלכע האַלטען אַזעלכע אָפּמאַכען פאַר מעגליך און דערלויבט. זייער שטימע ווערט, אָבער, „בטל בששים", ווי מען זאָגט. זיי האָבען קיין גרויסען איינפלוס נישט אין קאָמיטעט.

וואָס אָנבעלאַנגט דעם פּראָגראַם פון קאָמיטעט, איז עס דעמאָקראַטיש און נאַציאָנאַל.

דער אַלגעמיינער טייל פון פּראָגראַם איז אַפילו צו אַלגעמיין. „דעמאָקראַטיזאַציע פון דער מלוכה־אָרדנונג" — דאָס איז אַ צו טונקעלער בעגריף. אָבער מ'דאַרף וואַרטען, אַז דערדאָזיגער טייל וועט דייטליכער פאָרמולירט ווערען באַ דער ווייטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער וואַלקאַמפּאַניע, בעזונדערס דעמאָלט, ווען עס וועט קומען צו אונטערהאַנדלונגען וועגען בלאָק פון יידישען וואַלקאָמיטעט מיט די אַרבעטערפּאַרטייען, מיט'ן „בונד" — למשל.

דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון קאָמיטעט איז, ווידער, צו פאַרשמאָלט. פאָדערנדיג גאַראַנטיעס פאַר די יידען, אַלס נאַציאָנאַלען מיעוט, האָט דער קאָמיטעט נישט אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלען אין צענטראַלע און אָרטיגע אַנשטאַלטען, — אויך די פאָדערונג בנוגע צו דער יידישער שפּראַך און דעם שבת. — וואו איז די לאָגיק? —

דער קאָמיטעט האָט אַליין דערקלערט, אַז זיין פּראָגראַם קען נאָך פאַרברייטערט ווערען. דאָס דאַרף געשעהען, און וואָס גיכער — אין דעם נאַציאָנאַלען טייל פון פּראָגראַם.

בכלל האַלט נאָך דער קאָמיטעט אין פּראָצעס פון בילדען זיך. דאָך קען מען זאָגען גאַנץ דרייסט, אַז ער שטייט שוין נישט צום־פאַרגלייכען העכער פון דעם פריערדיגען קאָמיטעט..„

„דער וועג", 1906, נ' 285.

# 1907.

וואַרשע, 21 דעצעמבער 1906 (3 יאנואר 1907).]

## פינסטערקייט גייט צו פינסטערקייט.

אין היינטיגען נומער, אין דער אָפּטיילונג „צו די וואַלען", וועלען די לעזער געפינען זער אַ כאַראַקטעריסטישע מיטטיילונג, וועלכע מיר האָבען דערהאַלטען פון אַ פאָלקאָם קאָמפּעטענטער קוועלע. אין דערדאָזיגער מיטטיילונג ווערט דערציילט וועגען איינס פון די מיטלען, מיט וועלכע די אַזויגערופענע „פּאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע" (די פּראָגרעסיווע דעמאָקראַטען, די פּ. ד.) פירט איר וואַלקאַמפּאַניע.

ווי בעקאַנט, הערט דידאָזיגע פּאַרטיי נישט אָף צו ליאַרמען וועגען איד ליבע צו פּראָגרעס און דעמאָקראַטיזם. ווען אין דער פּוילישער פּרעסע האָט זיך פאַרשפּרייט דער פאַלשער קלאַנג וועגען דעם, אַז דער יידישער וואַלקאָמיטעט האָט געשלאָסען אַ בלאָק מיט דער רעאַקציאָנערישער „נאַראָדאָווער קאָנצענטראַציע", איז דער לייבאָרגאַן פון ד׳ פּ. ד., „ליודסקאָסץ", אַרויסגעטרעטען מיט אַ פייערדיג אַרטיקעל, אין וועלכען צענדליגער גלעקער האָבען געקלונגען, ליכטיג-לעבעדיג, זועבענדיג אַ פייערליך הילכענדיג קלאָגליד פון הויכע פראַזען, פון וועלכע יעדע וואָלט געקאָנט דערוועקען אַ האַלב-טויטען, פאַרשמאַכטען פון פאַרצווייפלונג מענש, ווען — — ווען זי זאָל נישט זיין אַזוי פאַלש-צבועות׳דיג...

די געבראַכטע מיטטיילונג וואַרפט אַ העלען שטראַל ליכט אַף די פּאָליטיש-עטישע פיזיאָנאָמיע פון דער אין אַ פּראָגרעסיווער מאַסקע שפּאַצירענדיגער פּאַרטיי.

ווילענדיג געווינען די יידישע שטימען, — געפינט דידאָזיגע פּאַרטיי נישט קיין אַנדער וועג, ווי גיין דורך הינטערטירען, פירען ריין-ביוראָקראַטישע אינטריגעס, אינטריגעס מיאוס׳ע, אינטריגעס שענדליכע. אַ דאָקטאָר — אַ רעאַקציאָנער, — ווייל מיטגליד פון דער אָפּען-אַנטיסע-

מיטישער פ. פ. פ.„— רופט צו זיך, אין נאָמען פון די פּ. ד., עט-ליכע אָנגעזייענע חסידים און זאָגט זיי צו פּערזענליכע כּיבודים, דערפאַר, וואָס זיי וועלען פאַרנאַרען זייערע ברידער צו דער וואַללים-סע פון די העררן קעמפּנער עט קאָמפּ.

ווי כאַראַקטעריסטיש איז עס, וואָס די פּאַרטיי, וועלכע טראָגט אַפ׳ן שטערן די שילדען „פּראָגרעס", „דעמאָקראַטיזם",—ווילענדיג צוציען די יידישע וויילער, ווענדט זיך צו די רעאַקציאָנערישע עלעמענטען פון דער יידישער בעפעלקערונג: פאַריאָרען צו דער ביוראָקראַטישער, אָליגאַרכישער און שענדליך-פינסטערער יידישער „גמינע"; איצט — צו 4 חסידים, וואָס יאָגען זיך נאָך בילינען כבוד...

פאַרוואָס ווענדט זיך נישט די פּ. ד. צו דעם יידישען וואַל-קאָמיטעט, וועלכער האָט אַרויסגעשטעלט אַ גאַנץ דעמאָקראַטיש פּראָגראַם?

אָט וואו עס ווייזט זיך אַרויס, אין איר גאַנצער נאַקעטקייט, די פאַלשקייט פון די פּ. ד.. — די מעשה איז זער אַנ׳איינפאַכע: דער יידישער וואַלקאָמיטעט איז נ אַ צ י אָ נ אַ ל, און טאַקי דאָס שטייט די פּ. ד. ווי אַ ביין אין גאָרגעל.

באַ זייער גאַנצען „דעמאָקראַטיזם" זענען די פּ. ד. דורך-און-דורך מענשענפרעסער. דער חילוק צווישען זיי און די נ. ד. איז נאָר דער, אַז די נ. ד. זענען אָפען-אַנטיסעמיטיש און ווילען פאַרטיליגען די יידען מיט געוואַלטמיטלען, און די פּ. ד. זענען פאַרבאָרגענע אַנטיסעמיטען, און ווילען דערשטיקען די יידישע נאַציאָנאַלע בנשיקה. די פּ. ד. ווילען בשום אופן נישט אָנערקענען די יידישע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. דאָס איז אַ רעאַקציאָנערישער שריט, און, אַלס אַזעלכער, מוז ער מיטשלעפּען נאָך זיך זיינע דירעקטע קאָנסעקווענצען. ווער עס מאַכט איין רעאַקציאָנערישען שריט, מוז מיט אייזערנער נויטווענדיגקייט מאַכען אויך דעם צווייטען. נישט אָנערקענענדיג די יידישע נאַציאָנאַלע רעכט, האָט די פּ. ד. זיך אַליין מיט אייגענע הענט אָפּגעשניטען דעם צוטריט צו די פּראָגרעסיווע און דעמאָקראַטישע טיילען פון יידישען פאָלק, און איז געצוואונגען זיך צו ווענדען מיט פאָרשלאָגען וועגען אַ בלאָק צו די פינסטערע עלעמענטען...

פינסטערקייט פירט צו פינסטערקייט...

„דער וועג", 1906, נ׳ 288. —

ווארשאַ, 28 דעצעמבער 1906 (10 יאַנואַר 1907).

# אַ יושר פון פּאָגראָמשטשיקעס.

„גאַזעטאַ פּאָלסקאַ״, דער יעצטיגער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע און אײביגער יידענפרעסער, איז אַרויס־געטרעטען מיט אַנ׳אַרטיקעל, אין וועלכען ער ענטפערט אַף די פראַ־גע: „וויאַזוי האָבען זיך די יידען געפירט באַ די פאָריגע וואַלען, און ווי דאַרפען זיי זיך פירען באַ די בעפאָרשטייענדיגע וואַלען?״

עפּעס מער אומפאַרשעמטס און חוצפה׳דיגס—מיר ווילען זיך נישט אויסדריקען שאַרפער — ווי דאָסדאָזיגע אַרטיקעל, איז אונז שוין לאַנג נישט אויסגעקומען צו ליינען.

די צייטונג שרייבט:

— „זיי, די יידען, האָבען נאָר געהאַט אינזינען זייערע אייגענע אָדער פּאַרטייאישע אינטערעסען, און האָבען מיט אַ פאַרביסענער פאַר־צווייפלונג געפירט אַ מלחמה, צו וועלכער זיי האָבען קיין ווירקליכע אורזאַכען נישט געהאַט״. —

אַז די יידען האָבען פאַראַיאָרען אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון אויטאָנאָמיע פאַר פּוילען — אָן דעם פאַרגעסט גאָר די צייטונג...

די צייטונג לאָזט זיך נאָר אַריין אין „אָפּענהאַרציגקייט״...

— „מען מעג עס דאָך דייטליך זאָגען, אַז דער פאַראַיאָריגער וואַלקאַמפ איז אין פיל פאַלען געווען אַ קאַמפ צווישען די פּאָליאַקען און די יידען, — און נאָר דער קלוגער אַיינגעהאַלטענקייט פון די פּוילישע נאַראָדאָוצעס איז צו פאַרדאַנקען, אַז דער קאַמפ האָט נישט אָנגענומען אַ שאַרפערען כאַראַקטער״.

און ווער, אַז נישט די „נאַראָ[illegible]וצעס״, האָבען געמאַכט פון

וואַלקאַמפּ אין זײַן פּראָגרעסיווער פאָרם, אַלס אידעענקאַמפּ, אַלס פּראָגראַמענקאַמפּ, — אַ פינסטערן, רעאַקציאָנערישען קאַמפּ צווישען די פּאָליאַקען און די יידען!... האָבען דען די יידען געקעמפט קעגען די פּ אָ ל י אַ ק ע ן? זענען דען די יידען נישט געווען גרייט אונטערצוהאַלטען די פּוילישע פּראָגרעסיסטען?

די „נאַראָדאָווצעס" זענען געווען קלוג-איינגעהאַלטען? — און ווער האָט פאַרשפּרייט די שענדליכע פּאָגראָמפּראָקלאַמאַציעס? ווער האָט אַרײַנגעבראַכט אין וואַלקאַמפּ דעם גרויזאַם-בלוטיגען שאָטען פון פּ ל ע וו ע ס דערפינדונג?

ווייטער טײַלט-מיט די „ג אַ ז ע ט אַ פּ אָ ל ס ק אַ" מיט צו-פרידענקייט, אַז די יידישע ווײַלער האָבען זיך פאָרט אויסגעניכטערט. די „יידישע נאַראָדאָווצעס" און נאָך זיי „נאָך פיל אַנדערע", האָבען זיך, ענדליך, איבערצײַגט, ווי שלעכט עס ווירקט אַף די יידישע אינטערעסען די פאַרייניגונג מיט די פּ. ד., און די צײַטונג חזר'ט איבער אַלס אַ פאַקט דעם שוין לאַנג אָפּגעלייקענטען פאַלשען קלאַנג וועגען אונטערהאַנדלונגען, וועלכע דער יידישער וואַלקאָמיטעט אין וואַרשאָ פירט, כלומר'שט, מיט דער „נאַראָדאָווער קאָנצענטראַציע" וועגען אַ פאַרייניגונג...

דער געדאַנק וועגען אַזאַ פאַרייניגונג מאַכט די „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ" עפּעס גוטמוטיגער, און זי שרײַבט ווײַטער:

„מיר האָבען נישט געוואָלט קיין מלחמה מיט די יידען, און מיר שטייען אויך נישט אָפּ פון אַ פאַרייניגונג מיט זיי באַ די וואַלען; פאַרקערט, מיר רעכענען, אַז אַזאַ קאָמפּראָמיס וואָלט געווען נישט נאָר פאַר זיי, נאָר אויך פאַר אונז געוואונשען".

אַף דער נאַראָדאָווער שפּראַך הייסט „פאַרייניגונג" — אַזאַ בעציונג, ווי צווישען אַ וואָלף מיט אַ שאָף. דער וואָלף פאַרייניגט זיך מיט דער שאָף — אָפּעסענדיג זי. „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ" פאַרשטייט די „פאַרייניגונג" פון דער „נאַראָדאָווער קאָנצענטראַציע" מיט די יידען אויך אַף אַזאַ אופן. די „פאַרייניגונג" דאַרף בעשטיין אין דעם, וואָס די יידען זאָלען אַוועקגעבען זייערע שטימען פאַר די קאַנדידאַטען פון דער „נאַראָדאָווער קאָנצענטראַציע", נישט בעקומענדיג דערפאַר קיין שום קאָמפּענסאַציע, קיין שום בעלוינונג: קיין איין יידישען מאַנדאַט אַפילו...

„מ'מוז בעמערקען, אַז דורכפירען יעצט אַ קאָמפּראָמיס, וועלכער

זאָל די ייִדען צופֿריִדענשטעלען, איז זייער אַ שווערע זאַך״.

אַזוי דרש'ענט די אומפּאַרשעמטע צײַטונג.

— „דאָס האַנדלען פֿון די ייִדען באַ די פּאָריגע וואַלען האָט געמוזט אַרויסרופֿען באַ די פּאָליאַקען (!) אַ גרינטליכע מוֹרא און חשד. די פֿאָלגען פֿון שלעכטע מעשים, אָדער, נאָך ערגער, פֿון אַ פֿאַר-ברעכערישער (?) פּאָליטיק, קאָן מען נישט אין איין מינוט צוריקכאַפּען, אויסמעקען פֿון די געדאַנקען. אין פֿיל ערטער פֿונ'ם לאַנד, איבער-הויפּט צווישען די פּויערן (?) וואָלט אַרויס אַ שטאַרקער פּראָטעסט, ווען מ'זאָל וועלען דורכפֿירען אַ ייִדישען דעפּוטאַט״. —

איר פֿאַרשטייט אַ משל?

די יידען וואוינען מערסטענטייל אין די שטעדט. אַלזאָ, וואָלטען זייערע קאַנדידאַטען געוויילט געוואָרען מיט די שטאָדטשטימען, — וואָס זשע פֿאַר אַ שייכות קאָנען דערצו האָבען די פּויערן?

„וואָס האָט אתה הראת צו דער אַרענדע״?

און — שרייבט ווייטער די פּאָגראָמצייטונג:

— „מיט דעם דאַרפֿען זיך רעכענען די ייִדישע פֿאָרשטייער, וועל-כע ווילען צוטרעטען צו דער נ. ד.-קאָנצענטראַציע. זיי דאַרפֿען גע-דענקען, אַז עס איז כמעט אוממעגליך אינגאַנצען נאָכצוגעבען אַפֿילו זייערע גערעכטע פֿאָדערונגען. מ'דאַרף עס, נאָך אונזער מיינונג, אָפֿען זאָגען, כדי נאָכדעם זאָלען נישט פֿאָרקומען קיין פּרעטענזיעס און קרימען זיך״.

איר פֿאַרשטייט אַ גזלנישען יושר!

אָבער זאָל זיך די צייטונג בערוהיגען. קיין שום ייִדישער פֿאָר-שטייער, אויב ער איז ווירקליך אַ זעלכער, וועט אין קיין אונטער-האַנדלונגען מיט די פּאָגראָמפּאַרטייען נישט אַרייַנטרעטען. דאָס המפּעל בוגדים, וואָס ווילען יאָ צוטרעטען צו דער נאַראָדאָווער קאָנצענטראַ-ציע, האָבען צו דעם ייִדישען פֿאָלק קיין שום שייכות נישט. דאָס זענען אָפּפֿאַלען פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿט.

„דער וועג״ 1906 (1907) נ' 294.

װאַרשאָ, 29 דעצעמבער 1906 (11 יאַנואַר 1907). —

## עוואָלוציע פון פוילישען אַנטיסעמיטיזם.

זער אַ וויכטיגע מיטטהיילונג וועלען די לעזער געפינען אין היינ-טיגען נומער. פון קאַליש מעלדט מען אונז, אַז דאָרט האָט זיך געגרינדעט אַ נייע „אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי", וועלכע אַרבעט אונטער די שוואַרצע פליגעל פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע. די נייע „פּאַרטיי" פאַרנעמט זיך נישט בלויז מיט פּלאַטאָנישער פּראָפּאַגאַנדע. זי האָט זיך געשטעלט פיל קאָנקרעטערע צילען. זי בעשעפטיגט זיך מיט פּראַק-טישער אַרבעט, אום צו פאַרווירקליכען אין לעבען דאָס, וואָס ווערט געפּרעדיגט דורך דער „נאַראָדאָווער" לער. און דערביי אַרבעט זי זער ענערגיש. אין משך פון אַ קורצער צייט האָט די „אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי" געעפענט אַ גרויס גאַלאַנטעריעגעשעפט „צו קאָנקורירען מיט די יידישע געשעפטען", רואינירט די „צוויי יידישע פאַבריקליך פון באַמבוקמעבעל", צונעמענדיג בא זיי די אַרבעטער און גרינדענדיג אַ ספּעציעלע קריסטליכע פאַבריק מיט אַ געשעפט. 2 פון די דריי געזעל-שאַפטען פאַר געמיינזאַמען קרעדיט דערלאָזען פּרינציפּיעל נישט קיין ייד אין זייערע קאָמיסיעס, נעמען נישט אָן קיין זשירע פון אַ ייד און באָרגען קיין ייד קיין געלט נישט.

קאַליש איז נישט די ערשטע פוילישע שטאָדט, וואו די „נאַ-ראָדאָווצעס" ווענדען-אָן זייער יידענהאַס אַף דעם עקאָנאָמישען באָדען: בערך מיט 4 חדשים צוריק האָט זיך אַ ענליכע דראַמע אָפּגעשפּילט אין דעם קליינעם שטעדטעל טשעמערינקע, אין לובלינער גוב., וואו אָן דער שפּיץ פון דער „נאַראָדאָווער" מחנה שטייט דער דאָרטיגער קסיאָנדז. דער לעצטער פירט זער אַ גיפטיגע אַגיטאַציע צווישען די

פוֹיֶערן פוּן גאַנצֶען אויפֶעזד. — עֶטליכֶע מאָל האָט עֶר זײַ צוזאַמֶענגעֶ־
רופֶען אִין שטאָדט און גֶעהאַלטֶען פאַר זײַ מִיט האַס און בלוּט אָנגעֶ־
זאַפּטֶע „קאַזאַניֶעם”. נִישט בֶּעגנוּגֶענדִיג זִיך מִיט דֶעם אַלײן, האָט עֶר
אָנגעֶהוֹיבֶּען צו גרִינדֶען אִין גאַנצֶען פּאָוויאַט קאָנסוּמפאַרײנֶען, אוּם
צו דֶערשִׁיטֶערן און צוּשטֶערֶען דֶעם יִידִישֶׁען האַנדֶעל.—אִין טשֶׁעמֶערִינ־
קֶע, ווִי בֶּעקאַנט, אִיז דִי זאַך זִיך נִישט בֶּעגאַנגֶען נאָר מִיט דֶעם,—
דֶען אונטֶער דֶעם אײַנפלוּס פוּן דֶעם בלוּטדוּרשטִיגֶען קסיאָנדז אִיז אויך
גֶעקוּמֶען צו אַ פּאָגראָם, וועֶלכֶען דִי „נאַראָדאָווצֶעס” האָבֶּען גֶעמאַכט
אַף דִי פּראָגרֶעסִיווֶע אַרבֶּעטֶער, יִידִישֶׁע און פּוֹילִישֶׁע. — דִי אַלֶע פּאַק־
טֶען ווײַזֶען-אָן אַף זֶער אַנ׳ֶערנסטֶע דֶערשײַנוּנג אִין פּוֹילִישֶׁען לֶעבֶּען.
זײַ בֶּעטײַטֶען דֶעם אָנהײב פוּן אַ ווִיכטִיגֶער עֶוואָלוּצִיֶע אִין אײנֶער
פוּן דִי טרוֹיֶערִיגסטֶע זײַטֶען פוּן דֶעמדאָזִיגֶען לֶעבֶּען, — אִין דֶעם אַזוֹי־
גֶערוּפֶענֶעם אַנטִיסֶעמִיטִיזם. אִין רוּסִיש-פּוֹילֶען קוּמט אִיצט פאָר
דֶערזֶעלבִּיגֶער פּראָצֶעס, וואָס האָט אִין גאַלִיצִישֶׁען אַנטִיסֶעמִיטִיזם שוֹין
אָנגעֶנוּמֶען גראַנדִיֶעזֶע פאָרמֶען. דֶער אַנטִיסֶעמִיטִיזם וואַנדֶעלט
זִיך אוּם אִין אַסֶעמִיטִיזם. דער האַס צו דִי יִידֶען זוּכט זִיך אַנ׳אוֹיס־
גאַנג שוֹין נִישט אִין אַקטֶען פוּן נקמה, אִין מאָראַלִישֶׁע און פִיזִישֶׁע
אָנפאַלֶען, אִין זִידלֶערײַעֶן אִין דֶער פּרֶעסֶע און אִין פּאָגראָמען. דֶער־
דאָזִיגֶער האַס גִיסט זִיך שוֹין אוֹיס אִין פאָרם פוּן אַנ׳אָרגאַנִיזִירטֶער און
פּלאַנמֶעסִיגֶער אַרבֶּעט, וועֶלכֶע שטרֶעבּט אַף דֶעם „פּרִידלִיכֶען” און
„לֶעגאַלֶען” אוֹפן אַרוֹיסצוּשטוּפֶען דִי יִידען פוּן לאַנד. דאָס
שטאַרקסטֶע מִיטֶעל דֶערצו אִיז דֶער עֶקאָנאָמִישֶׁער בּוֹיקאָט קעֶגֶען יִי־
דֶען, פּראָפּאַגאַנדֶע פוּן דֶעם לאָזוּנג „קוֹיפט נִישט בַּאַ יִידֶען”, און אַזאַ
אָרגאַנִיזִירטֶע עֶקאָנאָמִישֶׁע קאָנקוּרֶענץ פוּן דִי קרִיסטֶען קעֶגֶען דֶעם יִי־
דִישֶׁען האַנדֶעל, אַז דִי יִידִישֶׁע ווִירטשאַפט, וואָס אִיז גֶעגרִינדעט אִיבֶּער־
הוֹיפּט אַף מסחר, זאָל פאַלֶען, בֶּעגראָבֶּענדִיג אונטֶער אִירֶע חורבות דִי
גאַנצֶע יִידִישֶׁע בֶּעפֶעלקֶערוּנג. שמאַכטֶענדִיג פוּן הוּנגֶער, וועֶלֶען דִי יִי־
דֶען מוּזֶען פאַרלאָזֶען דאָס לאַנד, און אַף אַזאַ אוֹפן וועֶט פּוֹילֶען
בֶּעפרײַט ווֶערֶען פוּן דִי „פרֶעמדֶע אָנגעֶקוּמֶענֶע עֶלֶעמֶענטֶען.”

דִידאָזִיגֶע דֶערשײַנוּנג אִיז, ווִי גֶעזאָגט, זֶער אַנ׳ֶערנסטֶע און
פאַרדִינט אַ גרֶעסֶער אָפּמֶערקזאַמקײט פוּן דֶער יִידִישֶׁער פּרֶעסֶע און פוּן
דֶער יִידִישֶׁער גֶעזֶעלשאַפט, ווײַל זִי שטֶעלט-פאָר אַ גרוֹיסֶע גֶעפאַר פאַר
דֶעם עֶקאָנאָמִישֶׁען וואוֹילשטאַנד פוּן דֶער גאַנצֶער יִידִישֶׁער בֶּעפֶעלקֶ־
רוּנג אִין פּוֹילֶען. דִי עֶקאָנאָמִישע אונטֶערנֶעמוּנגֶען פוּן דֶער נאַראָדאָווֶער

דעמאָקראַטיע וואַקסען ווי אַף הייוען, און עס איז נישט ווייט דער
מאָמענט, ווען זיי וועלען אָננעמען פשוט שרעקליכע פאָרמען

בעזונדערס קאָן מען פאָרויסזיין, אַז דער עקאָנאָמישער אַנטי-
סעמיטיזם וועט אָננעמען די געפערליכסטע פאָרמען, ווען פוילען וועט
בעקומען אויטאָנאָמיע, און די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע, וועלכע בילדעט
80 פראָצענט פון דער פוילישער בעפעלקערונג, וועט ווערען די בעל-
הבית'טע פון גאַנצען לאַנד. דעמאָלט וועט זי געוויס אויסנוצען איהר
מאַכט און וועט אַף דעם אַזויגערופענעם געזעצגעבערישען וועג צו
דערשטיקען דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבען, אַז עס וועט ווערען נאָך
בידעריגער, ווי אין גאַליציען.

מ'קען שוין איצט זאָגען, אַז איינס פון די דאָזיגע געזעצליכע
מיטלען, מיט וועלכע די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע וועט קעמפען קע-
גען יידען, וועט זיין דאָס געזעץ וועגען זונטיגרוה. דאָס דאָזיגע
געזעץ, וועלכעס וועט זיין אַנ'אַקט פון גערעכטיגקייט, פון פראָגרעס
פאַר דער פוילישער בעפעלקערונג, וועט גלייכצייטיג זיין אַנ'אַקט
פון רעאַקציע און געוואַלט, ווען אים וועלען זיין אונטערוואָר-
פען אויך די יידען, ווען אויך די יידען וועלען זיין געצוואונגען
צו האַלטען זונטיג געשלאָסען זייערע געשעפטען. רוהען 2 טעג אין
דער וואָך, דעמאָלט, ווען די קריסטען רוהען נאָר איין טאָג, קאָנען
זיך די יידען דאָך נישט דערלויבען: דערדאָזיגער לוקסוס וואָלט זיי
געקאָסט צו טייער.

אַז די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען וועלען זיך פאַר אַזאַ אומרעכט
נישט אָפּשרעקען, קאָן בעווייזען זייער פראַקטיק אין דער הינזיכט
איצט, ווען די געזעצגעבערישע מאַכט איז נאָך נישט אין זייערע הענט.

צום ביישפּיל, די טעג איז אין אונזער צייטונג געוואָרען געדרוקט
די פאָלגענדיגע קאָרעספּאָנדענץ פון וועגראָוו (שעדלעצער גוב.):

— „פאָריגע וואָך האָט מען גערופען אַלע היגע יידישע סוחרים
אין מאַגיסטראַט אַריין, וואו מען האָט זיי געהייסען חתמ'ענען זיך אַף
אַ געדרוקטען בויגען פּאַפּיר. פיל פון די סוחרים האָבען גאָר נישט
געמאַכט קיין שאלות און זיך גע'חתמ'עט. עס האָבען זיך, אָבער,
געפונען אַ טייל, וועלכע האָבען זיך נישט געוואָלט אונטערשרייבען,
איידער מ'וועט זיי פאָרלייענען, וואָס עס איז געשריבען אַפ'ן
פּאַפּיר, —האָט מען זיי געהייסען דערווייל גיין אַהיים.

„ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, איז דאָס געווען אַ שטיקעל

פון די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען, וועלכע פאַרלאַנגען, דאָס זונטיג זאָלען די יידישע געשעפטען זיין געשלאָסען. ווי מ'זאָגט, האָט מען אויך אין סאָקאָלאָוו און די אַרומיגע שטעדט געמאַכט דאָסזעלביגע, און אומעטום געפינען זיך אַזעלכע יידען, וועלכע געבען התימות אָהן שום טענות-ומענות".

און ווער געדענקט נישט דעם שאַרפען קאַמפ, וואָס איז מיט אַ יאָר צוריק פאָרגעקומען אין וואַרשאַ צווישען די קריסטליכע און יידישע סוחרים אין דערזעלביגער פראַגע?

מיר חזר'ן-איבער: די יידישע געזעלשאַפט, ווי אויך די יידישע פרעסע דאַרפען זיך ערנסט אָפּשטעלען אַף די אַלע דערשיינונגען. די דערפאַרונג, וועלכע אונזערע ברידער האָבען שוין בעקומען אין גאַליציען, און די איצטיגע פראַקטיק פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע אין רוסיש-פוילען, דאַרפען אונז דינען פאַר אַ שאַרף וואָרעניש. מיר מוזען די אַלע דערשיינונגען גוט אין אַכט האָבען, ווען מיר בעשטימען די פּאָרמען און די וועגען פון אונזער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. — צום ביישפּיל, אונזע מיינונג איז — און מיר אונטערשטרייכען זי פעסט און שטרענג, — אַז דאָס רעכט צו שבת דאַרף זיין איינער פון די בולט'סטע פונקטען אין אונזער נאַציאָנאַלען פּראָגראַם, ווייל דאָסדאָזיגע רעכט איז אַ לעבענספראַגע פאַר דער גאַנצער יידישער בעפעלקערונג אין רוסלאַנד און אין פוילען. — דאָס רעכט אַף שבת — דאָס הייסט, אַז די יידען, וואָס האַלטען שבת געשלאָסען די געשעפטען, האָבען רעכט זונטיג צו האַלטען דידאָזיגע געשעפטען אָפען... דאָסדאָזיגע רעכט דאַרף אונז געזיכערט ווערען אין די גרונטגעזעצען פון דער אַלגעמיינער רוסלענדישער קאָנסטיטוציע, ד. ה. אז קיין שום אָרטיגע אויטאָנאָמיע אָדער זעלבסטפאַרוואַלטונג זאָל נישט קאָנען אַוועקנעמען דאָסדאָזיגע רעכט באַ וואָסער עס איז טייל פון דער יידישער בעפעלקערונג.

מיר רעכענען, דעריבער, פאַר אַ גרויסען פעלער פון דער זייט פון דעם יידישען וואַלקאָמיטעט אין וואַרשא דאָס, וואָס ער האָט נישט אַרויסגעשטעלט אין זיין פראָגראַם דייטליך די פאָדערונג פון „רעכט אַף שבת". פאָלקאָם גערעכט זענען די ציוניסטען, ווען זיי הערען נישט אָף אַף אַלע פאַרזאַמלונגען פון דעמדאָזיגען וואַלקאָמיטעט צו פאָדערן, אַז דערדאָזיגער פונקט זאָל צוריק אַריינגעשטעלט ווערען אין פראָגראַם.

דער פונקט: „פאַרזיכערונג פון די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען“ אַנטהאַלט אין זיך דורכויס נאָך נישט דאָס „רעכט אַף שבת“. קיין שום נאַציאָנאַלע מינדערהייט נייטיגט זיך נישט אין אַזאַ רעכט. דאָס איז אונזער ספּעציעל נאַציאָנאַל בעדערפעניש. און טאַקי דערפאַר דאַרפען מיר שאַרפער, ווי אַנדערע, אונזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען אונטערשטרייכען.

און בעזונדערס נייטיג איז אונטערצושטרייכען דעמדאָזיגען פונקט טאַקי אין פוילען, וואו נישט נאָר די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע וויל מאַכען פון דער זונטיגרוהע אַ מיטעל אין קאַמפּ קעגען די יידען, נאָר זאָגאַר די זיסצוקערדיג-קאָנסערוואַטיווע-ליבעראַלע אַזויגערופענע „פּאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע“ איז קעגען דעם, אַז יידען זאָלען פייערן דעם שבת, ווייל זי זעט אין דעם איין אַ „פינסטערניש“...

„דער וועג“, נ׳ 295, 1906 (1907).

װאַרשאַ, 8 (21) יאַנואַר.

# „הױזפֿײַגעל“.

אַ אינטערעסאַנטע נאַכריכט װעלען די לעזער געפֿינען אין הײַנ-טיגען נומער: אין װאַרשאַ האָט זיך געגרינדעט אַ נײַער „ידישער קאָמיטעט“, װעלכער האָט זיך געשטעלט דעם אָפּגאָב „מיטצואַרבעטען מיט דעם צענטראַלען קאָמיטעט פֿון די דרײַ פֿאַרײַניגטע פּאַרטײַען, װאָס שטײַען אַף דעם נאַראָדאָװען באָדען“...

װען מיר װעלען אָפּדעקען די לעצטע אַביסעל פֿאַרדרײַטע, כּלומר'שט דיפּלאָמאַטישע פֿראַזע, װעלען מיר בעקומען פֿאָלגענדיגס װעגען דעם-דאָזיגען „קאָמיטעט“: דאָס איז נאָר אַנ'אָפּטײַלונג פֿון דעם צענטראַלען קאָמיטעט פֿון דער אַזױגערופֿענער „נאַראָדאָװער קאָנצענטראַציע“, ד. ה. פֿון דעם „בלאָק“ פֿון די רעאַקציאָנערישע פּױלישע פּאַרטײַען, — פֿון דיזעלביגע פּאַרטײַען, װעלכע זענען די טרעגער פֿון דעם שרעקליכס-טען און שענדליכסטען אַנטיסעמיטיזם; פֿון דיזעלביגע פּאַרטײַען, װעל-כע האָבען, בשעת די פֿאָריגע װאַלען אין דומאַ, צוהיצט די נידריגסטע אינסטינקטען פֿון פּױלישען המון און געהאַלטען די גאַנצע ידישע בע-פֿעלקערונג אין פּױלען אין פּאָגראָמשרעק....

באַ די איצטיגע װאַלען איז די פּױלישע רעאַקציע באַ זיך שױן נישט זיכער מיט'ן זיג. זי שרעקט זיך דערפֿאַר, װאָס די אַרבעטער און די ידען נעמען אַ מער ענערגישען אָנטײל אין דער װאַלקאַמפּאַניע, און זי פּרוװט זיך דעריבער צו געװינען פֿאַר זיך די סימפּאַטיעס פֿון די, אין װעמעס בלוט זי האָט זיך ערשט מיט נאָך אַ קלײנער צײַט צוריק געבאָדען...

די פּױלישע רעאַקציע נוצט-אױס דערצו אַלע מיטלען: זי פֿאַר-

עָפֶענטלִיכֶם „אָפּרופֶען צו די יִידִישֶע ווײַלֶער”. זי חנפ׳עט זיך אונטער צו די יִידען. ווי אַלֶע פאַלשֶע, רעדט זי ווֶעגען לִיבֶע, ווֶעגען ברִידער-שאַפט. אײנס פון דִידאָזִיגֶע מִיטלען איז דער נײַער „יִידִישער קאָמִיטעט”.

די יעגער קענען אַזאַ מאַנעוור. — ווען זיי גײען כאַפּען שטאָלצע, פרײַע פייגעל, נעמען זיי מיט זיך מיט עטליכע פאַרשקלאַפטע ברִידער פון די, אַף װעלכע זיי גײען: עטליכע פייגעל, וואָס זענען אַמאָל אויך געווען פרײַ און שטאָלץ, וואָס האָבען פאַרקויפט זייער פרײַהײַט און שטאָלצקײט פאַר דאָס ביסעל „פרעסען”, זענען געוואָרען „הויזפײַ-געל”... און אָט דידאָזיגע „הויזפייגעל” רופט צו הילף דער יעגער. און זיי, די נידערטרעכטיגע פאַרקנעכטע נפשות, פאַרנאַרען זייערע אײגענע ברידער אין די נעץ, אין די שטײַג...

די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע האָט אויך צונויפגעקליבען 50 מאַן, וואָס זענען אַמאָל געווען יידען, וואָס האָבען, אָבער בוגד געווען אָן זייער פאָלק, וואָס לייקענען אָן אים, וואָס זענען איבערגעגאַנגען אין לאַגער פון די זאַטערע, פון די גליקליכערע... און זיי, דידאָזיגע אויס-וואורפען פון דעם יִידישען פאָלק, איז נאָך ווייניג, וואָס זיי האָבען פאַרלאָזען זייערע אומגליקליכע ברִידער, זיי זענען איצט צוגעשטאַנען צו די דירעקטע שונאים פון יִידישען פאָלק. נאָך מער: זיי האָבען זיך געשטעלט צו דער דינסט פון דער פינסטערער פּוילישער רעאַקציע. זיי האָבען גענומען אַף זיך די אָפּגאָב פון פאַרפירער, זיי האָבען גענו-מען אַף זיך דעם אײדעלען אָפּגאָב צו פאַרנאַרען די יִידישע בעפעל-קערונג צו די אַנטיסעמיטישע קאַנדידאַטענליסטעס.

און אָט צוליב דעם האָבען זיי, די, וואָס לייקענען אָן דער נײַ-סיגקײט פון ספּעציעלע יִידישע וואַלקאָמיטעטען; די, וואָס שעמען זיך מיט׳ן וואָרט ייד, און רופען זיך „פאָליאַקען פון מאָזאַישען גלויבען”,— צוליב דעם האָט דידאָזיגע שאַיקע פאַרעטער זיך אָנגערופען מיט דעם נאָמען „יִידישער קאָמיטעט”.

דידאָזיגע גראָבע בײַכער און מעשענע שטערענס, דידאָזיגע באַנ-קירען-בלוטזײַגערס, און דאָקטוירים-רובעלכאַפּערס, זענען נישט קײן שלעכטע יעזויטען. צוליב די אינטערעסען פון דער הײַליגער נאַראָ-דאָווער פאַן זענען זיי אַף די עטליכע וואַלוואָכען מוחל אַף דעם פער-זענליכען כבוד, און ברענגען דעם קרבן, — טוען אָן די יִידישע מאַסקע.

אָבער זיי זענען זיך טיף טועה, אויב זיי רעכענען, אַז זיי וועט

בעלינגען וועמען עס איז אָפּצונאַרען. נאָר זיך נאַרען זיי. דער יידי־
שער ווײַלער איז שוין צו בעוואוסטזיניג, ער זאָל זיך אַף זיי גישט דער־
קענען. אונטער דער מאַסקע זייט דער יידישער ווײַלער דאָס שענדלי־
כע פאַרשקלאַפּטע פּנים. און דער יידישער ווײַלער ווייס, מיט וואָס
דידאָזיגע בוגדים צו בעגעגענען: אַראָפּגעריסען די מאַסקע — און אַ
שפּײַ אין פּנים.

„דער חבר", 1907, 7.

## פון וואַרשאַוער בריוועלעך[1].

ווארשא, 16 (29) יאנואר.

### גלייבט נישט דעם פּאַפּיר!

ווען מיר גייען בעשטימען אונזער בעציהונג צו וואָסער עס איז פּאָליטישער פּאַרטיי, דאַרפען מיר זיך נישט זער רעכענען מיט איר פּראָגראַם אָדער מיט אירע אויסערונגען. אַ פּראָגראַם — איז אַ פּאַפּיר; אַ פּראָקלאַמאַציע — אויך. דאָס פּאַפּיר ליידט אַלץ. מיר דאַרפען קוקען קודם כל אַף דאָס היסטאָרישע און סאָציאַלע אָרט פון דער פּאַרטיי אין פּאָלקסלעבען. וואָס איז די פּאַרגאַנגענקייט פון דער פּאַרטיי; פון וועמען בעשטייט די פּאַרטיי? וואָס האָט זי לכתחלה אַרויסגערופען צום לעבען? פון וואָס שעפּט זי איר יניקה? וואָס זענען אירע אינטע-רעסען, די פּאָליטישע און די סאָציאַלע? — אָט די פראַגען דאַרפען מיר זיך שטעלען, ווען מיר ווילען זיך קלאָר מאַכען: צי איז זי אונ-זער פריינט אָדער פיינט? און אויב די פּראָגראַמען און די פּראָקלאַמאַ-ציעס פון אַ פּאַרטיי שטימען נישט מיט איר אמת'ער פיזיאָנאָמיע, — מיט דער פיזיאָנאָמיע, וועלכע די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון פּאָלקס-לעבען האָט איר אויסגעשטאַלט, — איז עס אַ סימן, אַז די פּראָגראַמען און די פּראָקלאַמאַציעס זענען פאַלש, צבעות'דיג, און אין זיי שטעקט אַ זייטיגע מיין, אַ שווינדעל.

דעמדאָזיגען כלל דאַרף אויך געדענקען יעדער בעוואוסטזיניגער וויילער, ליינענדיג די וואַלליטעראַטור פון די פאַרשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס קעמפען איצט פאַר שטולען אין דומאַ. —

די לעצטע צייט האָט זיך די פּוילישע נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע

[1]) „ראַזסוועט", 1907, נ"נ 14, 15, 16, 17, 19.

אָנגעהויבען אַביסעל אונטערצולעקען צו די יידען. זי רעכענט, אַפּנים,
דאַדורך אָפּצוהייבען כאָטש אַף אַ פּאָר שטאַפּעל איר פּאָליטישע רעפּו-
טאַציע, וועלכע שטייט זער נישט גלענצענדיג אין דער עפענטליכער
מיינונג פון גאַנץ רוסלאַנד. מ׳דאַרף, אָבער, נאָר דעם אויבערפלעכ-
ליכסטען בליק צו טון אַף די אַלגעמיינע טעטיגקייט פון דערדאָזיגער
רעאַקציאָנערישער פּאַרטיי; מ׳דאַרף נאָר איין קוק טון אַף אירע איי-
ביג אַנטיסעמיטיש אויסגעשטשערעטע ציין; מ׳דאַרף נאָר איין אוי-
גענבליק זיך אָפּמערקזאַמער צוהערען צו דעם פּאַראַכטענדיגען, מבזה׳-
דיגען טאָן, ווען זי רעדט וועגען די יידען, — מ׳זאָל פאַרשטיין, וואָס
פאַר אַ ממשות עס האָט דאָס שאָפּישע פּעלכעל אַף דער וואָלפישער
פּסיכאָלאָגיע... דאָס לעבען איבערצייגט יעדע מינוט — און אַף יעדען
טריט, — אַז די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע איז דער פאַרביסענסטער פיינט
אונזערער, וועלכער וואַרט נאָר אַף אַ גינסטיגע מינוט, מיט אונז דעם
לעצטען חשבון צו מאַכען. ערשט נישט לאַנג האָבען מיר געהאַט די
געלעגענהייט צו רעדען פון דעם וואוקס פון דעם פּוילישען עקאָנאָמי-
שען אַנטיסעמיטיזם, וועגען דעם מערדעריש-קאַלטבלוטיגען, אויסגע-
רעכענט-ענערגישען אַרויסשטופּען פון די יידען פון לאַנד דורך די פאַר-
שידענע „פּאַרטיע אַנטיסעמיצקע״ אַף דעם אַזויגערופענעם „פרידליכען״
וועג פון „נאַציאָנאַלער זעלבסטהילף״ אין ווירטשאַפטליכען לעבען. די
בעציִונג פון נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע צו דער זונטיגרוה און איר גאָר
אומצווייפעלבאַרע און גאַנץ דורכזיכטיגע שטרעבונג צו מאַכען אויס
דעמדאָזיגען אינסטיטוט פון סאָציאַלער גערעכטיקייט אַ קאַמפּמיטעל קע-
גען די יידען, — איז אונז שוין, דאַכט זיך, אויך גוט בעקאַנט, און
רעדען וועגען דעם וואָלט געווען גאָר איבריג. —

אויסער דעם — דער פאַרלויף פון וואַלקאַמפּף אַליין ווייזט אונז
איבערקלאָר די אמת׳ע בעציונג פון דער היינטיגער **פּוילישער** רע-
אַקציע צו אונז, יידען.

## „אויסראַטען״ !!

איך געדענק ניִשט דעם נאָמען פון דער צײַטונג, אין װעלכער, איך האָב דאָס געלייענט. אָבער דעם פאַקט געדענק איך זייער גוט. פאַן ראָמאַן דמאָװסקי, דער הױפּטאָנפירער פון דער נאַציאָנאַלער דע־מאָקראַטיע, און אַ קאַנדידאַט פון דערדאָזיגער פּאַרטײַ אַף דעפּוטאַט פון װאַרשא אין די צװײטע גאָסוד. דומאַ, האָט זיך אין אַן׳אַרטיקעל, װעלכעס ער האָט געשריבען סך-הכל מיט אַ פּאָר מאָנאַט צוריק, אױס־געדריקט בזה האופן: ער פאַרשטײט פאָלקאָם דעם פּרײַסי־שען האַקאַטיזם. װען ער, פאַן ראָמאַן דמאָװסקי, זאָל זײַן אַ דײַטש, װאָלט ער קעגען די פּאָליאַקען האַנדלען פּונקט אַזױ, װי די פּרײַסען איצט אין פּױזען. — קורץ: פאַן ראָמאַן דמאָװסקי האָט זיך דערקלערט פאַר אַ פּרינציפּיעלען האַ־קאַטיסט.

מ׳דאַרף זײַן גוט בעקאַנט מיט דעם, װאָס דער פּרײַסישער האַ־קאַטיזם איז, מ׳זאָל בעגרײַפען דאָס גאַנצע פּאָליטישע סיסטעם, װעל־כעס שטעקט אין פּרינציפּיעלען האַקאַטיזם, — און דעם גאַנצען גרױעל פון די קאָנסעקװענצען, װעלכע דאָסדאָזיגע סיסטעם האָט אין זײַן אָנװענדונג אין דער פּראַקטיק.

— די װעלט — דעם שטאַרקען!

דאָס איז דער ערשטער אַלגעמײנער פּרינציפּ, אױב מ׳מעג זיך אַזױ אױסדריקען, — װאָס ליגט אין גרונט פון דעם פּרײַסישען האַ־קאַטיזם.

נאָר דער שטאַרקער האָט רעכט אַפּ׳ס לעבען.

די דײַטשען זענען אין פּרײַסען די מערהײַט, אין זײערע הענט איז די מלוכה‏מאַכט, די אַדמיניסטראַציע, דאָס מיליטער, זײ זענען, דעריבער, די בעלי-בתּים פון לאַנד. פּרײַסען דאַרף זײַן דײַטשיש. די דײַטשישע אינטערעסען זענען אױך די פּרײַסישע אינטערעסען. גאַנץ פּרײַסען דאַרף דינען די אינטערעסען פון די דײַטשען.

און פון דאַנען פליסט דער צװײטער „אַלגעמײנער״ פּרינציפּ פון דעם האַקאַטיזם:

— װײ איז צו די שװאַכע!

די שוואַכע טאָרען נישט לעבען פאַר זיך. זייער לעבענסאָפּגאַב איז: דינען די שטאַרקע. שוואַכע טאָרען נישט האָבען קיין אייגענע פאַר-לאַנגען, — ווער רעדט שוין וועגען אייגענע אידעאַלען! די שוואַכע איז דערלויבט איינס: פאַרשוואונדען ווערען פון דער וועלט. דערצו זענען דאָ 2 וועגען: אויסוואַנדערונג אָדער אַסימילאַציע. — „אָדער פאַרלאָזט דאָס לאַנד — דערקלערט דער האַקאַטיסט, — אָדער זאָגט זיך אָפּ פון אייער אייגענאַרטיגער פיזיאָנאָמיע, וואַרפט-אַוועק אייערע נאַציאָנאַלע רייכטימער, — מישט זיך צונויף מיט די שטאַרקע. די שטאַרקע זענען גוטע: זיי ווילען אייך אָפּנעמען, דערלויבען אייך צו ווערען אַ שפּיז פאַר זייערטוועגען"...

און זענען די שוואַכע נישט מסכים דערצו, און אָנערקענען די שוואַכע נישט דעם ווילדען פּרינציפּ, און זאָגען די שוואַכע, אַז איט-ליכס בעשעפעניש, מכל שכן איטליכע נאַציע, האָט רעכט אַף זעלבסט-בעשטימונג פון די פאָרמען פון זיין לעבען, — ענטפערט דער האַקאַ-טיזם:

— מיין פּאָליטיק — איז די פויסט!

און הייבען די שטאַרקע אָן מיט געוואַלט צו צווינגען די שוואַכע צו אַסימילאַציע. און פאַרמאַכען די שטאַרקע פאַר די שוואַכע דעם צוטריט צו דעם מלוכהלעבען, צו די רעגירונגסשטעלען, צו די העכערע מיליטערפּאָסטענס... און נעמען די שטאַרקע אַוועק בא די שוואַכע זייער עלעמענטאַריש רעכט פון זעלבסטפאַרוואַלטונג.

און געבען זיך די שוואַכע פאָרט נישט אונטער; און זענען די שוואַכע איינגעשפּאַרט, — זאָגט דער האַקאַטיזם:

— אויסראָטען!!!

אויסראָטען, ד. ה. עוקר מן השורש זיין די ווידערשפּעניגע.

דאָסדאָזיגע מיטעל בענוצען די פּרייסישע האַקאַטיסטען שוין אַ לאַנגע צייט אין פּויזען קעגען די פּאָליאַקען. עס עקזיסטירט אין פּריי-סען אַ ספּעציעלע זער פאַרפּלאָנטעטע ביוראָקראַטישע נעץ, וועלכע האָט בעקומען פון דער האַקאַטיסטישער צענטראַלער מאַכט די אָפּגאָב צו רוינירען די פּוילישע ערדבעזיצער אין פּויזען און מיטהעלפען דעם איבערגאַנג פון זייערע גיטער אין דייטשישע הענט. דידאָזיגע אַזויגע-רופענע „קאָלאָניזאַציאָנסקאָמיסיע" האָט שוין אָפּגעקאָסט דעם דייטשי-שען רייכסביודזשעט מער אַלס 40 מיליאָן מאַרק. ווען די פּוילישע יו-גענד זאָגט זיך אָפּ צו לערנען „רעליגיע" אין דער דייטשישער שפּראַך—

און שטרײַקט, נעמען די האַקאַטיסטען און שמײַסען זעקסיעריגע קינ-
דער...

און אָט דעם האַקאַטיזם פאַרענטפערט, מאַכט גרעכט און אָנער-
קענט פאַן ראָמאַן דמאָווסקי, אײנער פון די הויפטאָנפירער פון דער
נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע, און אַ קאַנדידאַט פון דערדאָזינער פאַרטײַ
צו דעפוטאַט פון וואַרשא אין די צווייטע גאָסודאַרסטווענע דומאַ. אמת,
מיר מוזען מודה זײַן: דעם פאַן ראָמאַן דמאָווסקי קאָן מען נישט
אָפּזאָגען אין אַ געוויסער דאָזע בירגערליכען מוט. צו זײַן אַ פאַרברענ-
טער פּױלישער שאָוויניסט און דערבײַ מזכה זײַן דעם דין אַף די אונ-
טערדריקער פון די אײגענע לײַבברידער, בערעכטיגען די פרײַסישע
ווילדטאַטען קעגען די פּױזנער פּאָליאַקען — דערויף דאַרף מען זײַן אַ
שטאַרקער מענש. פאַן ראָמאַן דמאָווסקי איז נישט דער אײנציגער
פּױלישער שאָוויניסט. הינטער אים שטײט אַ ריזיגע מחנה, — די גאַנצע
נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע. אָבער נישט אַלע פּױלישע „נאַראָדאָווצעס"
זענען אַזוי קאָנסעקווענט. האַסענדיג און אונטערדריקענדיג די ייִדען,
פאָדערנדיג פון זײ אַסימילאַציע און פאַרפאָלגענדיג זײ אַף אַלע געבי-
טען פון לעבען, זענען די „נאַראָדאָווצעס" פאָרט מלא חימה אַף די
דײַטשישע האַקאַטיסטען, וועלכע ווענדען-אָן דאָסזעלביגע פּאָליטישע
סיסטעם קעגען די פּױזענער פּאָליאַקען. די „נאַראָדאָווצעס" נעמען זיך
דעם מאָנאָפּאָל אַף מענשענפרעסערײַ, פאַרשטעמפּלענדיג די אַלע, ווער
עס וויל קעגען זײ אַלײן אַרויסשטעלען דיזעלביגע וואָלפישע צײן.

פאַן ראָמאַן דמאָווסקי איז אין דער הינזיכט אַן'אויסנאַם. ער
איז אַ שאָוויניסט נישט נאָר לויט דעם געפיל און אין דער פּראַק-
טיק,—ער איז אַ שאָוויניסט אויך אין פּרינציפּ, אין דער אידעע.
דערויף, ווי געזאָגט, מוז מען זײַן אַ שטאַרקער מענש. די שטאַר-
קײט פון אַזאַ מענש איז, אָבער, אַ ווילדע און שרעקליכע. דאָס איז די
שטאַרקײט פון אַ קאַלטען מענשענפרעסער, פון אַ פאַנאַטיקער פון דער
בלוטיגער רעליגיע, וועלכערס תמצית דריקט זיך אויס אין קורצען
אַפאָריזם: "Natio nationi lupus est" ד. ה. אײן נאַציע דער אַנדערער
איז אַ וואָלף...

— אויסראָטען!!!

שמעקט עפּעס פאַר די ייִדישע אינטערעסען אַזאַ שותף צו די
חאַלוצען???

וואַרשע, 18 (31) יאַנואַר.

## „די יידען בעשולדיגט מען נישט“!

פאַן ראָמאַן דמאָווסקי איז, ווי געזאָגט, אַ פּרינציפּיעלער האַ-קאַטיסט. עס איז לייכט צו פאַרשטיין, ווי אַזאַ פאַרשוין קאָן זיך בע-ציען צו די יידען.

מ'מוז בעמערקען, אַז די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע בילדעט דעם רוב אין דער פּוילישער בעפעלקערונג. מאָראַליש האָט זי שוין איצט דעם הויפּטאיינפלוס אַף דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע לעבען פון לאַנד; אין אירע הענט וועט ליגען אויך די גאַנצע פּאָליטישע מאַכט אין די ערשטע האָניגיאָרען פון דער קינפטיגער פּוילישער אויטאָנאָמיע. עס איז פאַר אונז, דעריבער, בעזונדערס אינטערעסאַנט איר פּסיכאָ-לאָגיע אין דער יידענפראַגע. פאַן ראָמאַן דמאָווסקי איז דער בולט'-סטער פאָרשטייער פון דעראָזיגער פּסיכאָלאָגיע.

— מיר גייען נאָך אויטאָנאָמיע! — האָט פאַן ראָמאַן דמאָווסקי פייערליך דערקלערט אַף איינעם פון די זונטיגדיגע נאַראָדאָווע „וויעצען“.

„מיר“ — די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע.

און „מיר“ — די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע — זענען „בעלי-בתים“ פון לאַנד.

דאָס וואָרט הערט נישט אָף צו קלינגען אין דער פראַזעאָלאָגיע פון די עכט-פּוילישע לייט. דאָס איז זייער קרוינוואָרט. די נשמה פון זייער פּאָליטישער וועלטאָנשויונג.

„בעלי-בתים“ פון לאַנד.

אין העכסט-האַקאַטיסטישען זין — — —

דאַרף מען נאָך זאָגען, מיט וואָסערע בעגריפען דידאָזיגע „בעלי-בתים“ גייען נאָך דער אויטאָנאָמיע?

די יידען זענען פרעמדע.

איינדרינגלינגען.

אַן'איבעריגע און שווערע לאַסט אַף דער פּוילישער נאַציאָנאַלער קיף.

אַ באַלאַסט

מילא, „אונזערע זיידעס זענען געווען גוט, טאָלעראַנט, און האָ-בען אָנגענומען די יידען“. — די יידען האָבען געדאַרפט דערפאַר נאָר

דאַנקבאַר זײַן. און זײַער דאַנקבאַרקײט װאָלטן זײ באַװיזן, װירקליך, דעמאָלט, װען פון זײ װאָלט שױן איצט קײן זכר נישט געװען אַף דעם פױלישן באָדן. — „Надо честь знать“! — זאָגט דער רוס. אַף יידיש הײסט דאָס: „קריך נישט אין די גרגרת אַרײַן“. מ׳האָט אײַך יידן אַרײַנגעלאָזט,—דאַרפט איר זיך נישט שטופּן פון אױבענאָן, דאַרפט איר נישט זײַן קײן חצופים. װאָס הײסט עפּעס, איר װילט אָטעמען מיט דערזעלביקער לופט, װי אַלע!? װאָס זענט איר, — לײַטן גלײַך!? יעדער דאַרף דאָך װיסן זײַן אָרט. איר זענט גרים. און אַלס אַזעלכע— מוזט איר זײַן „נידעריקער פון גראָז און שטילער פון װאַסער“. — דאַרפט זיך שטענדיק האַלטן אין שאָטן. לאָז מען אײַך װעניקער זײַן, לאָז מען אײַך װעניקער הערן, װאַרפט זיך נישט אין די אױגן אַרײַן. מ׳זאָל אָן אײַך פאַרגעסן. איר זאָרגט פאַר זיך? אַנ־איבעריקע זאַך! איר דאַרפט שטענדיק געדענקען, אַז איר זענט נאָר קנעכט. און קנעכט האָבן נאָר אײן אָפּגאָב: דינען זײַער הערשער. װעגן זײַערע אײגענע בעדערפעניש װעט שױן דער הערשער אַלײן זאָרגן. און אױב נישט — איז אױך נישט קײן גרױס אומגליק. װאָס איז דאָ דער געװאַלט!? אַי, איר װערט דערשטיקט אין ענגשאַפט? אַי, אײַערע לונגען זענען דורשטיק פּשוט נאָך לופט? װעמען ושע גײט עס אָן!?

זענען, אָבער, די יידן מאָדנע חיות: עפּעס כלומר׳שטע „אידעאַליסטן“, װעלכע טענה׳ן, אַז יעדע נאַציע האָט רעכט אַף פרײַע אַנטװיקלונג, אַז דאָס לאַנד געהערט גלײַך יעדן, װער עס זיצט אַף אים און אַרבעט פאַר אים... װילן זײ זיך נישט אַסימילירן, װילן זײ לעבן אין זיך און פאַר זיך...

טאָ קומט די נאַראָדאָװע דעמאָקראַטיע, און דערקלערט זײ פאַר „שׂונאים“ פון פױלישן פאָלק...

און פאַן ראָמאַן דמאָװסקי, אין זײַן רעדע אַף דעם זונטיגדיגען „װיעץ“ אין פילהאַרמאָניע, דרש׳נט:

— די יידן זענען קײנמאָל נישט געװען ענג געקניפּט מיט די פּאָליאַקן. װען זײ האָבן געװאוסט, אַז די פּאָליאַקן באַזיצן די קראַפט, זענען זײ געגאַנגען מיט זײ צוזאַמען. און װען, געדריקט פון רוסלאַנד, האָבן די פּאָליאַקן פאַרלױרן אין די יידישע אױגן דעם אױטאָריטעט פון קראַפט, האָבן די יידן זיך אָװעקגעקערט פון זײ און האָבן זיך געקערט (?) צו רוסלאַנד. דער גירוש פון די יידן פון

רוסלאַנד און די פאַרפּלייצונג פון פּוילען דורך די רוסישע יידען האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון די יידען, פיינטליך (?) צו די פּאָליאַקען און פריינטליך צו די רוסען!"

אַזוי לייגט שענדליך און אומפאַרשעמט דער גייסטיגער טאַטע פון פּוילישען האַקאַטיזם.

וואָס'זשע טוט מען מיט פיינט?

— „די יידען בעשולדיג איך נישט, — האָט ווייטער געזאָגט אין זיין רעדע פאַן ראָמאַן דמאָווסקי: — מ'קאָן נישט בעשולדיגען קיין פינסטערע"...

אַדאַנק פאַר'ן קאָמפּלימענט!

וואָס דען?

דבר'ט ווייטער דער פּוילישער האַקאַטיסט:

— „אָבער, אויב עס וועלען נישט העלפען די איבערצייגונגען, וועט העלפען אַ שטרענג אָנלערעניש; דידאָזיגע לעקציע האָבען די יידען דערהאַלטען שוין באַ די פאָריגע וואַלען, און איצט וועלען זיי בעקומען דיזעלביגע לעקציע".

איר פאַרשטייט אַנ'אָנצוהערעניש?

מיט עטליכע טעג צוריק האָט דערזעלביגער פאַן ראָמאַן דמאָווסקי אַרויסגעזאָגט אין זיין אָרגאַן „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ", אַז די פּאָליאַקען וועלען זיך אָפּרעכענען מיט די יידען, ווי בעלי-בתים פון לאַנד מיט פיינט פון לאַנד...

וואָס זענען די קאַמפּמיטעל פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע, איז — דאַכט זיך — קיין סוד נישט.

„איצט וועלען די יידען בעקומען דיזעלביגע לעקציע"...

„דאָסזעלביגע שטרענגע אָנלערעניש", ווי באַ די פאָריגע וואַלען ד. ה. פּאָגראָמאַגיטאַציע... פּאָגראָמשרעקען...

נישט נאָר אַף די יידען פאַלט-אָן פאַן ראָמאַן דמאָווסקי, — אַף די סאָציאַליסטען אויך.

— „קעגען סאָציאַליזם האָבען מיר אָנגעשטרענגט אַלע כוחות — האָט געזאָגט פאַן ראָמאַן דמאָווסקי זונטיג אין פילהאַרמאָניע: — מיר מוזען מודה זיין, אַז אין קאַמפּ קעגען סאָציאַליזם זענען מיר געווען געצוואונגען צו פאַרגיסען ברודערליך בלוט".

נו, און ווען עס איז רעכט אין פּאָליטישען אידעענקאַמפּ צו

פאַרגיסען ברידערליך בלוט. קאָן דען עפּעס אַ וואָרט האָבען פרעמד בלוט, בלוט פון „אינערליכע פיינט"!? ...

* *

„די יידען בעשולדיג איך נישט, ווייל מ'קאָן נישט בעשולדיגען קיין פינסטערע .א."

און נאָך דעם אַלעם, נאָך דעם גרויזאַמען בלוטדורשטיגען און אָפענעם אַנטיסעמיטיזם, נאָך דער שענדליכער בעליידיגונג פון דעם יידישען נאָמען, געפינען זיך נאָך צווישען די יידען נידערטרעכטיגע, וואָס גייען צוזאַמען מיט די „נאַראָדאָווצעס" — קעגען די יידישע אינטערעסען ...

פאַרפלוכטע פאַרעטער!

---

וואַרשאָ, 19 יאַנואַר (1 פעברואַר).

## ווערטער און פאַקטען.

די כראָניק פון די לעצטע טעג ברענגט זער אינטערעסאַנטע פאַקטען, וועלכע בעווייזען אַנ'איבריג מאָל, וואָס פאַר אַ וואָרט עס האָבען אַלע חניפות פון דער „נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע" צו די יידען בשעת די וואַלען.

די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע האָט אין זיך גענוג פאַלשקייט אָנצוציען אַף די פּאַרביסענע ליפּען אַ זיסען שמייכעל פון פריינטשאַפט צו די „ברידער-יידען"; עס פעלט איר, אָבער, דער עלעמענטאַרישער פּאָליטישער פאַרשטאַנד, און דער אַנטיסעמיטישער גיפט קאָכט אין איר צו שטאַרק, זי זאָל קאָנען, כאָטש אַף איין סעקונדע, איינהאַלטען דעם מענשענפרעסענדיגען האַט און פאַרדעקען מיט דער איילבערטצווייג, וועלכע זי האָט גענומען אַף פראָקאַט אַף די צייט פון די וואַלען, די ווילד־אויסגעשטשערעטע ציין.

מיר האָבען שוין געהערט, ווי פאַן ראָמאַן דמאָווסקי האָט גערעדט אין וואַרשאָ. מירה האָבען געזעהן אַ מיט פאַראַכטונג אויסגעקרימט געזיכט, מיר האָבען געשפּירט דעם ריח-נחוח פון זיין וואָלפישען עקעל צו די יידען, אונזערע אויגען האָבען געפילט דעם רויטען אָפגלאַנץ פון

זײַנע נקמהפּלענער...

לאָמיר איצט אַ קוק טון, וואָס טוט זיך, אין דער הינזיכט, אַף דער פּױלישער פּראָווינץ.

פון די נאָכריכטען, וועלכע קומען אין די צײַטונגען, איז צו זײַן, אַז אַף דער פּױלישער פּראָווינץ פירט זיך די נאַראָדאָווע דעמאָ-קראַטיע נאָך אָפּענהאַרציגער, — און פון חניפות זאָגט. זי זיך אַלץ ניש אָפּ, כאָטש דאָרט זענען די זיסע ווערטער אײַנגעטונקען אין אַ מער גראָבען, מער ווילדען טאָן.

למשל, אין אָסטראָװ (לאָמזער גוב.) האָבען די נ. ד. גערעדט צו די יידען בזה-הלשון.

ווען אײַנער פון די יידישע „דעלעגירטע" האָט אַף דער נ. ד.-פאָרוואַלפאַרזאַמלונג בעמערקט:

— „די יידען, אַלס אַזעלכע, זענען אַרויסגעשטויסען פון אַלע צווײַגען פון עקאָנאָמישען לעבען, — דעריבער איז קײן וואונדער ניש, וואָס זײ האָבען באַ די פאָריגע וואַלען געזוכט זיך צו פאַרײניגען מיט אַ פאַרטײ, וועלכע זאָל קאָנען פאַרענטפערן אין אַלע הינזיכטען די יידישע פראַגע..." —

האָט דער נ. ד. פאָרזיצענדער געענטפערט מיט יעזוויטיש צביעות:

— „דער רעדנער איז ניש גערעכט דערמיט, וואָס ער מישט-אַרײַן די יידישע עקאָנאָמישע אינטערעסען. די יידען דאַרפען זיך פאַ-רײניגען מיט אונז דערפאַר, ווײַל בײדע (?) קעמפען מיר קעגען דעמזעל-ביגען פײַנט — קעגען דער ביוראָקראַטיע"...

און טענה'ענדיג, אַז די יידען דאַרפען ניש אַרײַנמישען זײערע עקאָנאָמישע אינטערעסען אין וואַלקאַמפ, פירען אין דערזעלביגער צײַט די אָסטראָווער נאַראָדאָווע-דעמאָקראַטען אַ פאַרביסענעם עקאָנאָמישען קאַמפ קעגען זײערע יידישע שכנים. און דוקא איצט, בשעת די וואַ-לען, האָבען זײ דידאָזיגע שענדליכע אַגיטאַציע פאַרשטאַרקט. אונזער אָסטראָווער קאָרעספּאָנדענט טײלט אונז מיט, אַז שוין אַ וואָך צײַט פאַרשפּרײט מען איבער דער גאַנצער שטאָדט די אַנטיסעמיטישע בראָ-שור פון דעם אָרטיגען קסיאָנדז מאַציעווסקי „אָפּיסאַניאַ אָסטראָוואַ לאָמזשינסקעגאָ"... דער גאָטספאָרכטיגער און עכטקריסטליך געזאָנענער גײַסטליכער קלאָגט זיך דעראָף, וואָס די יידען בילדען צוויי דריט-טעל פון דער אַלגעמײנער אָסטראָווער בעפעלקערונג, און אַז דעריבער האָבען זײ פאַרכאַפּט אין זײערע הענט דעם גאַנצען האַנדעל און די

האַנטווערקערײַ. און נאָך ווײַנט דער שוואַרצער שרײַבער: „וואָס פאַר אַ דערציִונג קאָנען אונזערע קינדער האָבען צווישען די זשידעס?" — און אַם-ענדע קומט ער צום בעשלוס: „די בעסטע און שענסטע מאָראַל איז דער נאַציאָנאַלער עגאָיזם. דעריבער—פירט ער אויס—וואָלט געווען גלײַ-כער פון אַלץ פון די זשידעס אינגאַנצען פטור צו ווערען"...

אין בלאָנע (וואַרשעווער גוב.) זשעניִרען זיך די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען נאָך וועניגער. זײַ הייבען נישט אָן צו אַרען די חניפה׳-לעך פון זייערע אָנפירערס צו די יידען, און זײַ פירען דעם קאַמפּ קעגען די יידען מיט דער גאַנצער ענערגיע פון זייער האַס. אין סאַמע היץ פון וואַלקאַמפּ האָבען די בלאָנער „האַקאַטיסטען" אָפּגעטון דאָס פאָלגענדיגע זער כאַראַקטעריסטישע שטיקעל. אונזער קאָרעספּאָנ-דענט טיילט אונז מיט פון דאָרטען:

— „זונטיג, דעם 27-טען יאַנואַר, איז אין זשיראַרדאָוו פאָר-געקומען אַ פאַרזאַמלונג, אַף וועלכער מ׳האָט בעדאַרפט ווײַלען דעלע-גאַטען אין די אַזוֹיגערופענע געמישטע קאָמיסיע וועגען דער פראַגע פון יום-טוב- און זונטיגרוה. די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע האָט אָנגע-ווענדט אַלערלײַ מיטלען, אַז יידען זאָלען פון דער פאַרזאַמלונג נישט וויסען, אום דער נצחון זאָל בלײַבען אַף זייער זײַט. שטיצענדיג זיך אַף דעראָף, זענען פון גאַנצען אויעזד אַרויסגעפאָרען נאָר 5 וויבאָר-שטשיקעס, רעכנענדיג, אַז יידען וועלען גאָר נישט זײַן.

„די יידען האָבען, אָבער, פריער זיך דערוואוסט פון דער שפּע-קולאַציע פון דער נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע, און אַדאַנק דער ענערגי-שער אַרבעט פון ה׳ ווילנער, זענען געקומען צו דער פאַרזאַמלונג 251 יידען. די נאַראָדאָווצעס האָבען אַפילו שטאַרק געאַרבעט, אַז מ׳זאָל די פאַרזאַמלונג אָפּלעגען אַף אַנ׳אַנדערסמאָל, — פונדעסטוועגען איז זי פאָרגעקומען און האָט זיך געענדיגט מיט אַ זיג פון די יידען". —

עס האָט געקאָנט זײַן אויך פאַרקערט: די יידען וואָלטען נישט געקומען; אין די קאָמיסיע וואָלטען אַרײַן נאָר „נאַראָדאָווצעס", און דאַן — עס איז שוין לײַכט צו פאַרשטײַן, וואָס פאַר אַ חורבן זײַ וואָל-טען דאַן אָנגעמאַכט אין יידישען עקאָנאָמישען לעבען. בכלל איז זער שווער די נאַראָדאָווע דעמאָקראַקען זיך אײַנצוהאַלטען אין דעם אָנגע-נומענעם חניפה׳שען טאָן. עס שטיקט זײַ זער דער מוז צו רעדען זיסער, ווי דאָס האַרץ דערלויבט. עס איז זײַ שווער צו דערשטיקען אין זיך

דאָס בעלײדיגונגוואָרט נאָך אײדער עס איז אַרויסגעגאַנגען פֿון האַלז. די מאַסקע האַלט זיך זער שוואַך אַף זײער װאולגאַריש געזיכט. װעל-כעס איז נישט געװאוינט צו סובטעלער דיפּלאָמאַטישער מימיק. און דע-ריבער גײען זײ כסדר אַרויס פֿון דעם דורך דער װאַלטאַקטיק פֿאָרגע-שריבענעם סטיל.

למשל, פֿון ראַדאָם שרײַבט אונז ה׳ י. מענדעלזאָן:

— „דער װאַלקאַמף נעמט די לעצטע צײַט באַ אונז אָן אַ שטאַר-קען כאַראַקטער. אַף די ערשטע דרײַ פֿאַרזאַמלונגען, װאָס עס האָבען צוזאַמענגערופען די נאַראָדאָװע דעמאָקראַטען, האָבען די רעדנער זער געחנפ׳עט די יידען און—צוגעזאָגט גאָלדענע בערג; אַף דער לעצטער פֿאַרזאַמלונג האָבען זײ ערשט אַראָפּגענומען זײערע „פּראָװיִסטע" מאַס-קעס און פֿרײַ אַרויסגעטרעטען מיט דעם שענדליכען שװאַרצאַנטיסעמי-טישען געשטאַלט"...

פֿיל אײנפֿאַכער און נאָך מער בולט איז די זאַך פֿאָרגעקומען אין ג. (װאַרש. גוב.).

פֿון דאָרטען טײלט מען אונז מיט:

„מיט אַ קורצער צײַט צוריק האָט זיך דאָ געגרינדעט אַ יידישער װאַלקאָמיטעט, װעלכער בעשטײט פֿון 7 אָדער 8 פּערזאָן. װיפֿיל זײ זע-נען אין אמת׳ן, איז דער גאַנצער שטאָדט אומבעװאוסט, װי עס איז אומבעװאוסט, װער עס האָט זײ בעשטימט. דאָס איז נאָר בעװאוסט, אַז אָן דער שפּיץ פֿון דער קאָמיסיע שטײט דער היגער רב.

„דעם פֿאַרגאַנגענעם שבתצונאַכט האָבען היגע קריסטען, נאַראָ-דאָװע דעמאָקראַטען, בעװאוסטע אַנטיסעמיטען, געמאַכט אַ פֿאַרזאַמלונג באַם אַפּטײקער ה׳ פּלאַט, אַ בעװאוסטען אַנטיסעמיט. די פֿאַרזאַמלונג האָט געשיקט רופֿען עטליכע מענשען פֿון דער יידישער װאַלקאָמיסיע און נאָכ׳ן רב, װעלכע האָבען זיך נישט אַנטזאָגט פֿון דעם כבוד.

„אַף דער פֿאַרזאַמלונג האָט מען זײ פֿאָרגעלעגט אַ פּראָיעקט זיך מיט זײ צו פֿאַרײניגען, סטראַשענדיג דערבײַ מיט פּאָגראָמען און האַנדעלקאָנקורענץ". —

„מיט פּאָגראָמען און האַנדעלקאָנקורענץ"!

פֿרעג איך אונזערע הײמישע בטלנים, אונזערע הײמישע פֿלאַכע קעפּ און פֿאַרשטאָפּטע מוחות: —

— וואָס האָט מער ממשות: ווערטער צו פאַקטען?

און וואָס רעדט דייטליכער, די חניפות פון דער נאַראָדאָיוער דעמאָקראַטיע, צו אירע טאַטען?

און וואָס איז אָפּענהאַרציגער: דאָס פּלאַפּלערייַ וועגען „פּראָגרעס", וועגען „קאַמף קעגען אַלגעמיינעם פייַנט", וועגען „אחדות צווישען ברידער", — ציַ די גאַנץ קאָנקרעטע פּאָגראָמסטראַשונקעס?

ענטפערס, אומפאַרשעמטע מה'יפית'ניקעס!

---

וואַרשע, 22 יאַנואַר (4 פעברואַר).

## הינטישע פּסיכאָלאָגיע.

ווען מ'קוקט זיך אַביסעל נאָהענטער צו צו דעם, וואָס עס טוט זיך איצט אין יידישען לאַגער, — בעזונדערס אין פּוילען, מכח די וואַלען, נעמט אייַנפאַך אַרום אַ גרויעל און אַ עקעל צוזאַמען. איך קאָן מיך בעציִען מיט אַכטונג צו יעדען קאַמף, ווען דאָס איז אַ קאַמף צווישען פּרינציפּען, צווישען אידעען, צווישען וועלטאָנשויונגען, — נאַטירליך, דאַרפען דערבייַ נישט אָנגעריִרט ווערען די עלעמענטאַרישע עטישע און עסטעטישע געפילען. איך קאָן מער אָדער ווייניגער טאָלעראַנט צוזיין אַ שלאַכטפעלד, וואו עס טרעפען זיך 2 אָדער מער געגענערישע אַרמייען און שלאָגען זיך מיט אַלע דערלויבטע מיטלען. אין געוויסע פאַלען האָב איך זאָגאַר ליב אַזאַ שלאַכטפעלד, — דעמאָלט, ווען עס שטייט דאָרט אַן אַרמיי, צו וועלכער אויך איך געהער. איך האָב גערן די היץ פון קאַמף, די בעגייסטערונג פון די קעמפער, זייער העלדענטום, — דאָס פלאַמענדיגע וואָרט, דאָס ברענענדיגע גלויבען.

אָבער אַ פאַרניכטענדיגער כעס נעמט מיך אָן, דעמאָלט, ווען פון שלאַכטפעלד ווערט אַ יאַטקע, אַ שחטהויז, — אַ טיפער פאַראַכטענדיגער האַס צו די באַרבאַרען, וואָס פראָפאַנירען דעם קאַמף, וואָס שענדען די עהר זיינע, וואָס טרעטען די גאַנצע שיינע מענשליכע קולטור מיט זייערע נידריגע פיס. נידערטרעכטיגקייט, בלוטדורשטיגקייט — בעפלעקען דעם קאַמף. און נאָך טיפער איז מיין טרויער, ווען די קרבנות פון דידאָזיגע באַרבאַרען קענען נישט בעווייזען די נייטיגע זעלבסטווירדע, ווען עס פעלט זיי דער מוט פון קעמפער, ווען זיי ווייזען אַרויס אַ

היִנטישע פסיכאָלאָגיע, ד. ה. ווען זיי פאַלען כּורעים פאַר די באַרבאַ-רען, אויס נישטיגען, נידריגען פּחד; ווען זיי לעקען די הענט פון זייערע געגנער, באַ דעם ערשטען סטראַשונעק פון דער זייט פון די לעצטע... שרעק און עקעל פיל איך דעמאָלט...

* *

אַ שטהויז דערמאָנט מיר פּוילען, ווען איך ליין די פּרטים וועגען דעם אַזויגערופענעם „וואַלקאַמפּ" אין דער פּוילישער פּראָווינץ,— אַ שטהויז, אין וועלכען די קוילער זענען—די „נאַראָדאָווע דעמאָקראַ-טען". ברענגען נאָכאַמאָל ראיות, וועלכע זאָלען בעווייזען דעם שוואַרצ'-מאההדיגען פּאָגראָמעדיגען כאַראַקטער פון דער נאַראָדאָוועט דעמאָקראַט-יעס „וואַלקאַמפּ", האַלט איך פאַר איבריג. מ'דאַרף נישט בעווייזען — בעוויזענע פאַקטען. אין אַ בעוויזענער פאַקט איז די פּאָליטישע ווילד-קייט פון דער פּוילישער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע. אַ פאַקט איז, אַ בלוטיגער פאַקט, אַז האָבענדיג די גרעסטע שאַנסען אַף דערפאָלג באַ די וואַלען כמעט אין גאַנץ פּוילען, בעגנוגענט זיך די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע דערמיט נישט, און דראָט איינעם פון אירע פּאָליטישע געגנער—די יידישע נאַציאָנאַלע עלעמענטען—מיט אַ בלוטבאָד, טעראָרי-זירט די גאַנצע יידישע בעפעלקערונג, ווילענדיג מאַכען די וואַלאַגי-טאַציע פאַר אַנ'אויסשליסליכען מאָנאָפּאָל פון די „עכט-פּוילישע לייט"...

ווי האַלטען זיך, אָבער, די יידען צו זייערע פאַרפאָלגער? דאָס רוב שאָקלען זיי זיך אָפּ פון דער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע מיט די הענט און מיט די פיס. אָבער, צו אונזער גרויסער שאַנד, געפינען זיך אין פּוילען פיל, אָ, זאָגאַר צו פיל ערטער, וואו די יידען „פאַראייניגען" זיך מיט דער שוואַרצ'מאה'דיגער פּאַרטיי, „פאַראייניגען" זיך נישט לויט איבערצייגונג, נאָר—פאַר מאוס'ען פּחדנות.

ליינט, באַ וואָסערע בעדינגונגען עס איז פאָרגעקומען די שענד-ליכע „פאַראייניגונג" אין אָסטראָוו, לאָמזער גוב. [1]) די אָרטיגע יידען

---

[1]) „דער וועג", 1907, נ' 16.—

ווייסען גאַנץ גוט, ווער און וואָס די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע איז. זיי האָבען אַלע געלייַנט דעם קסיאָנדז מ אַ צ י ע וו ס ק י ס. „בראָשור"[1]). זיי פילען אויך גאַנץ שטאַרק דעם עקאָנאָמישען אַנטיסעמיטיזם פון זייערע פוילישע שכנים. און דאָך, — דערזעלביגער ד"ר ק ל י אַ ט ש ק אָ, וואָס האָט געזאָגט אָפען אַף דער נ. ד. — פּראָוואַל-פאַרזאַמלונג:

— „די יידען, אַלס אַזעלכע, זענען אַרויסגעשטויסען פון אַלע צווייַגען פון עקאָנאָמישען לעבען, — דעריבער איז קיין וואונדער נישט, וואָס זיי האָבען באַ די פּאָריגע וואַלען געזוכט זיך צו פאַרייניגען מיט אַ פּאַרטיי, וועלכע זאָל קאָנען פאַרענטפערן אין אַלע הינזיכטען די יידישע פראַגע"...

דערזעלביגער ד"ר ק ל י אַ ט ש ק אָ האָט ענערגיש גערופען די יידען זיך צו שטעלען אַף די קני פאַר די נ. ד. ...

דאָס פּנים ווערט שוואַרץ-רויט פאַר בייסענדיגער בושה, לייענענדיג, ווי די נ. ד. האָבען גערעדט אין אָ ס ט ר אָ וו צו די יידען. ווען די יידישע „דעלעגירטע" האָבען אַף דער פּראָוואַלפאַרזאַמלונג פון דער נ. ד. דערקלערט, אַז זיי זענען געקומען זיך צו „פאַרייניגען", האָט דער פאָרזיצענדער פון דער פאַרזאַמלונג זיי בעמערקט:

— „איך דאַנק אייך זער. איך בין דערפון זער צופרידען." —

דעראָף האָט איינער פון די אַנוועזענדיגע נאַראָדאָווצעס זיך אָנגערופען:

— „מ'קאָן נישט דאַנקען די יידען, ביז מ'וועט נישט זיין די שותפותדיגע אַרבעט"...

געשמאַק — אַ? -

דאָס איז, אָבער, נאָך נישט אַלץ.

— „די יידען, האָט ווייַטער געזאָגט דערזעלביגער נאַראָדאָוועץ, — די יידען האָבען פאַראַיאָרען בעגאַנגען אַ פעלער דערמיט, וואָס זיי האָבען זיך נישט פאַרייניגט מיט אונז. וואָרום מ'דאַרף דאָך נישט פאַרגעסען, אַז מיר זענען פאָרט די בעלי-בתים פון לאַנד"...

די בעלי-בתים פון לאַנד ...

ווידער דאָס פאַרפלוכטע וואָרט, דער נידערטרעכטיגער אַרגומענט

---

[1]) l. c., ז' 17.

פון אַלע שוואַרצמאהניקעס, בּאַ אַלע פעלקער, אין אַלע לענדער; דער אַרגומענט, אין וועלכען עס שטעקט אַזאַ ווילדע דראָונג ...

און דער נ. ד.קישער פּאָרזיצענדער האָט נאָך צוגעגעבען פון זיך:

— „מיר קאָנען זיך דאָס יאָר אויך בּעגיין אָהן די ידען. נאָר עס איז גלאַט אַ ווייטיג אין האַרץ, אַז די ידען, וועלכע וואוינען שוין אַזוי לאַנג מיט אונז אינײנעם, זאָלען זיך מיט אונז נישט פאַריי־ניגען”...

„מ׳דאַרף נישט פאַרגעסען, — האָט ער געגעבען אָנצוגעהערען, — אַז וואַלען גייען אַדורך, און דער האַס בּלייבּט”...

פון אויבּען־אַראָפּ, מיט עקעל, מיט פאַראַכטונג האָט מען גע־רעדט מיט די ידישע „דעלעגירטע”, מישטיינסגעזאָגט, אין אָסט־ראָוו — און — — — זיי האָבּען אַלץ אויסגעהערט מיט קאַלטען געמיט, האָבּען זיך פאַרענטפערט, האָבּען זיך דערנידעריגט, האָבּען געלעקט די פּיס ...

עס איז נאָר צו שטוינען, ווי האַרטלײַביג מענשען קאָנען זיין; ווי וועניג זעלבּסטווירדע מענשען קאָנען פאַרמאָגען; וויפיל הינטישע פּסיכאָלאָגיע מענשען קאָנען טראָגען אין זיך ... יאָ, עס וואָלט געווען נאָר צו שטוינען, ווען עס זאָל נישט זיין אַזוי בּיטער־טרויריג, ווען עס זאָל אַזוי נישט וויי טון

• •

פיל גראָבּער איז די זאַך צוגעגאַנגען אין נ.—די לעזער געדענ־קען אודאי, אַז די דאָרטיגע נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען האָבּען איינגע־לאַדען צו זיך „עטליכע מענשען פון דער ידישער וואַלקאָמיסיע און דעם רב, וועלכע האָבּען זיך נישט אַנטזאָגט פון דעם כּבוד”. — „אַף דער פאַרזאַמלונג האָט מען זיי פאָרגעלעגט אַ פּראָיעקט זיך צו פאַריייניגען מיט די נ. ד., סטראַשענדיג דערבּיי מיט פּאָגראָמען און האַנדעלקאָנ־קורענץ”.

וואָס־זשע האָבּען געענטפערט די [illegible]ען פון דער ידישער וואַל־קאָמיסיע און דער רב, „וועלכע האָבּען זיך נישט אַנטזאָגט פון דעם כּבוד” ?

אונזער קאָרעספּאָנדענט דערציילט:

— „די פאַרבעטענע האָבען צוגעזאָגט צו געבען דינסטיג ענטפער.

„דינסטיג אָוועגט, ווען מ׳האָט שוין געדאַרפט צו געבען דעם ענטפער, האָט ערשט דער רב אַף גיך צוזאַמענגערופען אַף אַנ׳אסיפה די וואַלקאָמיסיע און עטליכע בעלי-הבתים, אום צו בעקלערען, וואָס צו ענטפערן דער נאַראָדאָיוועד דעמאָקראַטיע. די קאָמיסיע איז באַלד בעשטאַנען זיך צו פאַרייניגען, נישט קוקענדיג דעראָף, וואָס די בעלי-הבתים האָבען געפאָדערט עס אָפּלעגען אַף אַ קליינע צייט און זיך אָנפרעגען באַ די ווײַלער.

„כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, וואָס דער רב איז געווען שטאַרק פאַר דעם פאַרייניגען זיך. ווען די בעלי-הבתים האָבען פאָרגעלעגט דאָס אויבענדערמאָנטע, האָט ער געענטפערט: „איך וויל נישט אָנפרעגען, און וויל נישט האַלטען קיין דרשות״...

„אַף אַזאַ אַרט האָבען אייניגע אומגעבעטענע מענשען פאַרקויפט 3 טויזענט יידישע שטימען אין די הענט פון אונזערע שונאים״. —

• •

איך פרעג:

צי איז אַזאַ מאָראַלישער פּאָגראָם נישט ערגער הונדערט טויזענט מאָל פון די מאַטעריעלע פּאָגראָמען, מיט וועלכע עס סטראַשעט די פוילישע שוואַרצע מאה!?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

הינטישע נשמות!..

# 1909.

פעטערבורג, 12 (25) יוני.

## צוויי פראַגען.

צוויי ערנסטע צייטפראַגען שטייען איצט פאַר'ן פוילישען יידענ-טום, — צוויי גרויסע פראַגען, וועלכע מ'טאָר נישט פאַרשלאָפען, ווייל גלייכגילטיגקייט אין אַזעלכע זאַכען וואָלט געמאַכט אונזער נאָמען צו שאַנד און צו שפּאָט אַף אַ סך דורות.

די דומאַ איז זיך צופאָרען אַף אָפּרוה. אָבער איידער מ'וועט זיך נאָך אומקוקען, וועט דער זומער זיך ענדיגען, און דער רוסישער פאַרלאַמענט וועט ווידער צוטרעטען צו געזעצגעבערישער אַרבעט. צום אַלעמערשטען וועלען בעטראַכט ווערען צוויי געזעצפּראָיעקטען, וואָס רירען אַפ'ן שאַרפסטען אַפ'ן אָן די אינטערעסען פון פוילישען יידענטום.

איך מיין די געזעצפּראָיעקטען מכח איינפירען שטאָדטישע זעלבסט-פאַרוואַלטונג אין פוילען און מכח בילדען אַ כעלמער גובערניע.

דער ערשטער געזעצפּראָיעקט, וועלכער איז אויסגעאַרבעט געוואָ-רען אין אינערנמיניסטעריום, איז טריי דעם אַלטען כלל: „קראָמיע יעוו-רעיעוו״. דאָס וואַלגעזעץ איז אַזוי צונויפגעשטעלט, אַז די יידען זע-נען כמעט אינגאַנצען אויסגעשלאָסען פון אָנטייל אין דער זעלבסטפאַר-וואַלטונג, אפילו אין די שטעדט, אין וועלכע זיי זענען דער גרעס-טער טייל פון דער בעפעלקערונג. שטייערן וועלען זיי צאָלען גלייך

מיט אַלעמען, אָבער קיין דעה אין די שטאָדטגעשעפטען וועלען זיי די מינדסטע נישט האָבען. ס'פאַרשטייט זיך, אַז אַף וייערע בעדערפעניששען וועט זיך אויך קיינער נישט אומקוקען. די קריסטליכע גאַסען וועט מען האַלטען ריין ווי אַ צאַצקע, און אין די יידישע וועט מען מעגען פאַר-פוילט ווערען אין שמוץ און קויט. מיר האָבען שוין געהאַט אַזאַ ביי-שפּיל אין לובלין, ווען ה' ז... איז דאָרט געווען פרעזידענט, בעל-הבית, האָט ער געמאַכט פון די פוילישע צירקלען אַ קליינעם גן-עדן. דער יידישער ישוב איז אים, אָבער, ווייניג וואָס אָנגע-גאַנגען: קיין גרעזעל, קיין ליטוישער ברוק האָט איר דאָרט נישט גע-פונען,— דערפאַר אומריינקייט — וויפיל איר ווילט. דאָסזעלביגע וועט זיין אין אַלע שטעדט, אין וועלכע די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטען וועלען ווערען די איינציגע בעלי-בתים פון קהל.

די פוילישע „קאָלאָ” מאַכט זיך כלומר'שט נישט וויסענדיג, אָבער אינוויינינג, אין האַרצען, איז זי שטאַרק צופרידען. ווי מ'האָט מיר איבערגעגעבען פון אַ זיכערער קוועלע, פּלפּל'ט זי זיך אַזוי: „נישט מיר האָבען דעם געזעצפּראָיעקט אויסגעאַרבעט, און נישט מיר זענען שול-דיג,, וואָס דאָרט איז דאָ אַ פונקט, וועלכער איז נישט גוט פאַר די יידען. מיר געפונען זיך אין אַזאַ לאַגע, אַז מיר מוזען מיט ביידע הענט נעמען דאָס, וואָס מ'שענקט אונז. דעריבער וועלען מיר זיין געצוואונגען צו שטימען פאַר'ן געזעצפּראָיעקט אַזוי, ווי ער איז”.

דאָס איז, אָבער, נישט מער ווי יעזויטיזם.

אין אמת'ן האָבען מיר שוין געהערט אין דער פוילישער פּרעסע שטימען, וואָס דריקען-אויס האַרציג צופרידענקייט מיט דער אַנטיסע-מיטישער טענדענץ פון געזעצפּראָיעקט.

וועלען מיר טאַקי זיצען מיט צונויפגעלעגטע הענט און אָפּענע מיילער און וואַרטען מיט נאַריש אויסגעגלאָצטע אויגען, ביז די שווע-רע גזרה וועט ווערען אַ פאַקט? וועט אונז די נאָהענטע סכנה נישט אַרויסשלעפען פון דער לאַנגער אַפּאַטיע? וועלען מיר נישט נעמען טראַכטען עפּעס עצות, ווי נישט צו דערלאָזען די גרויסע עולה, וועל-כע מ'גייט אונז דאָ טון?

ווען מיר זאָלען נישט זיין אַזעלכע אָפּגעלאָזענע בריאות, וואָל-טען מיר שוין לאַנג געוואוסט, וואָס צו טון. בּאַ אַנ'אַנדער פאָלק וואָלט זיך שוין געקאָכט! אין יעדער שטאָדט וואָלטען אָפּגעשטאַנען קאָמיטעטען פון בירגער, און דוקא מיט'ן וויסען פון דער אַדמיניסטראַציע,

װעלכע קאָן גאָרניִשט האָבען קעגען אַזאַ אַרבעט, — די קאָמיִטעטען װאָלטען געקליִבען מאַטעריִאַלען װעגען דעם, װאָסער פּראָצענט זײַענען ברידער מאַכען-אױס איִן דער און דער שטאָדט, װיפיִל שטײַערן זײַ צאָלען, װאָסערע בעדערפעניִשען זײַ האָבען, און װי זײַ װערען פאַרענטפערט לגבי די בעדערפעניִשען פון דער פּױליִשער בעפעלקערונג. די מאַטעריִאַלען װאָלט מען בעאַרבעט און אַרױסגעלאָזט איִן אַ בעזונדער בוך.

אונזער אָפּגאָב איִז איִצט צו װיִרקען אַף די פּױליִשע עפענטליִכע מײַנונג און אַף די פאַרשיִדענע דומאַפּאַרטײַען. דער פּױליִשער געזעלשאַפט דאַרפען מיִר געבען צו פאַרשטײן, אַז מיִר פיִלען שטאַרק, װאָסער גרױסע עולה מ׳גײט אונז טון, און אַז מיִר װײסען, דאָס פון איִר הענגט אַ סך אָפּ צו װיִרקען אַף די זאַך. לאָז מען ניִשט מײַנען — אַ ענערגיִשער פּראָטעסט האָט עפּעס אַ װערט, מ׳קאָן איִם ניִשט איִבערקמאַכען מיִט דער האַנט. די דומאַפּאַרטײַען, װידער, װעלכע זענען װײניִג בעקאַנט מיִט די אָרטיִגע בעציִונגען, דאַרף מען געבען אַ ריִכטיִגען בעגריִף װעגען אונזער לאַגע און אַ ריִכטיִג בילד פון גאַנצען ענין. אַ ערנסטער, רײַך-איִלוסטריִרטער און גוט-מאָטיִװיִרטער מעמאָריִאַל װאָלט שטאַרק געװיִרקט אַפילו אַף די אָקטאָבריִסטען, װעלכע זענען גאָרניִשט נוטה אײַנצופיִרען בעגרענצונגען אַף ייִדען.

ענדליִך, איִצט, פאַרזיִכערט מען, איִז זער לײַכט צו בעקומען דערלױבניִשען אַף אָרטיִגע צוזאַמענפאָרען פון ייִדיִשע כללטורס. עס װעט זײַן אַ פאַרברעכען, אַז דאָס פּױליִשע ייִדענטום װעט ניִשט אױסנוצען די געלעגענהײט. װי שמאָל עס איִז ניִשט דאָס אָפּיִציִעלע פּראָגראַם פון אַזעלכע אַסיִפות — עפּעס װעט מען קענען אָפּטון אַפילו איִן דער זאַך.

ס׳איִז גאָרניִשט פאַראַן אַזאַ ענין, װעלכען מ׳זאָל ניִשט קאָנען פּועל׳ן מיִט ענערגיע און אַרבעט.

דער צװײטער געזעצפּראָיעקט װיִל אײַנפיִרען איִן דער קינפטיִגער כעלמער נובערניע דיִזעלביִגע בעגרענצונגען, װעלכע זענען ניִשט בעקאַנט איִן גאַנץ פּױלען, דריִקענדיִג נאָר די ייִדען איִן רוסלאַנד.

אױך איִן דער היִנזיִכט װאָלטען די פּױליִשע דעפּוטאַטען פיִל געקענט אָפּטון. דאָס איִז זאָגאַר זײער חוב. די ייִדיִשע בעפעלקערונג פון פּױלען האָט דאָך ניִשט קײן אײן פאַרטרעטער איִן דומאַ — װאָלטען די פּױליִשע „קאָלאָ“ ניִשט געדאַרפט נעמען אַף זיִך די פאַרטײַ-

דיִגונג פון אונזערע איִנטערעסען, ווען זיִ זאָל זיַין טריַי דיִ ווערטער, מיִט וועלכע זיִ האָט אַזוי געשאַטעט בשעת דער וואַלקאַמפּאַניע?

אויך אין דער פראַגע בעגייט זיך דיִ פּוילישע „קאָלאָ" מיִט שוויַיגען. אָבער דאָס שוויַיגען רעדט אָהן ווערטער מער, ווי טויזענ־טער ווערטער וואָלטען קענען אַרויסזאָגען, — דאָס שוויַיגען איז הימעל־שריַיענדיג! אין דער דערקלערונג, וועלכע דיִ „קאָלאָ" האָט אַריַינגע־טראָגען אין דומאַ וועגען כעלמער געזעצפּראָיעקט, ווערען קריטיקירט אַלע זיַינע פּונקטען, אויסער'ן פּונקט מכוח דיִ יידישע בעגרענצונגען! קעגען דעם פּונקט וואָלט דיִ „קאָלאָ" גאָרנישט געהאַט!

דאַרפען מיִר כאָטש נישט שוויַיגען. מיט אָרטיגען מאַטעריאַל אין דער האַנט, קאָן מען אַ סך ליכט אַף דיִ פראַגע אַראָפוואַרפען. אַ פּאַ־סיגער מעמאָריאַל וועגען דעם ענין וואָלט פיִל געקאָנט ווירקען אַף דיִ דומאַפּאַרטייען, אַזוי, אַז ווען דער געזעצפּראָיעקט זאָל איִנגאַנצען דורכגיין, וואָלט פאָרט מעגליך געווען, אַז דער פּונקט מיט דער יידי־שער גזרה זאָל אָפּגעוואָרפען ווערען.

אָבער מ'דאַרף עפּעס טון דערצו. מ'טאָר נישט שלאָפען.

פון זינען אַראָפּ קאָן מען דאָך, צוזייענדיג, ווי גליַיכגילטיג מ'בע־ציט זיך באַ אונז צו פראַגען, וואָס בערירען דיִ בלוטיגסטע איִנטע־רעסען אונזערע! דעמאָלט, ווען דיִ גזירה וועט שוין ווערען אַ זאַך, וועלכע מ'קאָן נישט ענדערן, וועלען מיר זיך רייַסען דיִ האָר און קלאָגען, און איצט, כל־זמן מ'דאַרף עפּעס זוכען אַנ'אויסוועג, איז נישטאָ, ווער עס זאָל טון דעם ערשטען שריט...

„אונזער לעבען", 1909, נ' 134.

פעטערבורג, 10 (23) יולי. —

## נאָך וועגען די צוויי פראַגען.

„אָפּלעגען די זאַך טאָר מען נישט. יעדע מינוט איז טייער. מ'דאַרף שוין זיך נעמען צו דער אַרבעט".

אַזוי שרייבט דעפּוטאַט ניסעלאָוויטש אין זיין בריוו [1].

נאָך אַלעמען, איז אַ חרפּה, אַ גרויסע חרפּה, וואָס אין אַזעלכע זאַכען זאָל מען דאַרפען מונטערן.

צי איז דען באַ אונז גאָר נישטאָ קיין מענשען מיט פאַרשטאַנד? מ'לייענט דאָך, ברוך השם, צייטונגען; מ'ווייסט, אַז אַזעלכע און אַזעלכע געזעצפּראָיעקטען זענען אַריינגעטראָגען געוואָרען אין גאָסו-דאַרסטווענע דומאַ; מ'ווייסט אויך, אַז אין 3—4 חדשים אַרום וועלען זיי אַראָפּגענומען ווערען אַפ'ן טיש. — פרעג איך: איז מעגליך, אַז די, וואָס לייענען, — כאָטש אַ הונדערט חלק פון די, וואָס לייענען, זאָלען נישט פאַרשטיין, אַז מ'טאָר נישט זיצען מיט פאַרלעגטע הענט און פאַרמאַכטע מיילער!?

אונזער פרעסע פירט זיך אויך שיין אָף.

גאָט מיינער, וויפיל טינט איז אויסגעגאָסען געוואָרען, וויפיל פּאַפּיר האָט מען קאַליע געמאַכט מכח דער אַמעריקאַנער „פאַריייניגונג",

---

[1]) „אונזער לעבען", 1909, נ' 151. —

ישטיינסגעזאָגט. „פּאַרייניגט" האָבען זיך בעריל מיט שמערל'ען, אָדער
ווי אַ וואָלינער שפּריכוואָרט זאָגט, „יאַ, טי אי טרעטי דאַווידקאַ"
צוויי—דריי אָפּגעשלאָגענע הושענות, טאָוולענע געגנעראַלען אָהן אַרמייי-
ען. „אַ גדילה אַפ'ן טאַטען", ווי אַנ'אַנדער רעדענסאַרט דריקט זיך
אויס. שרייבער, וואָס מ'האָט שוין פון זייער נאָמען פאַרגעסען, זענען
אַרויס פון די בעהעלטעניש'ען,— יעדער האָט געהאַלטען פאַר נייטיג
אַרויסצוזאָגען זיין דעה וועגען ענין, דערמאַנען דער געזעלשאַפט, אַז
ער לעבט נאָך.

איך האָב אַמאָל געהערט אין אַ פּויליש קליינשטעדטעל אַ שיינעם
סאַרקאַסטישען אויסדרוק: „ער קהל'ט זיך". דאָס איז אַ פאַרטזעצונג
פון אויסדרוק: „ער מענשעלט זיך".

באַ אונז האָט מען ליב זיך צו קהל'ן, ד. ה. לויפען, פילדערן,
שרייען, רייסען זיך, מחלוקת'ן. און שטענדיג וועגען אַ זאַך, וואָס
איז נישט ווערט אַנ'אויסגעבלאָזען איי; שטענדיג וועגען עפּעס, וואָס
האָט קיין שום רעאַליש ממשות נישט. גלאַט — עורבא פרח, „אַ ווייבעל
האָט געהאַט אַ קינד פון רוקען", — דער רעדט, דער לויפט, און גאָר
נישט.

און דאָ האָט איר אַזעלכע לעבעדיגע, אַזעלכע צאַפּעלדיגע צוויי
פראַגען, פראַגען, וואָס רירען אונז בלוטיג אָן, און פראַגען, אין
וועלכע—אַזוי רעכען איך—מ'קען נאָך פיל אָפּטון,— און אונזער פּרע-
סע שווייגט.

בכלל, צי קען מען דען זאָגען, אַז מיר האָבען אַ פּ ר ע ס ע?

צ ײַ ט ו נ ג ע ן האָבען מיר, און נישט וועניג. אָבער קיין פּרע-
סע, אַלס עפּעס אָרגאַניש געבונדען גאַנצס, — נישט. באַ אונז ציטירט
נישט איין צייטונג די אַנדערע. זאָל איינער בערירען אַ פראַגע, וואָס
איז קאָלאָסאַליש-וויכטיג פאַר'ן גאַנצען פאָלק,—די איבעריגע, מעגען זיי
אינעווייניג אַפילו זיין טיף איבערצייגט, אַז די „קאָלעגען" זענען גע-
רעכט, — זיי וועלען, אָבער, נישט אָפּכאַפּען דאָס געוואָרפענע וואָרט
זיי וועלען שווייגען, ווי שטומע, ווי טויטע, —זאָל אַפילו דאָס שוויי-
גען זיין אַ שווערע עולה, אַ גרויס פאַרברעך. זיי וועלען שווייגען, און
נאָר אויס פאַרדראָס, פאַרוואָס יענער איז געווען דער ערשטער. גראָ-
שעדיגע אַפּעטיטען זענען גובר אַלע איבערצייגונגען. איין צייטונג
ברענגט באַ אונז נישט די מיינונג פון אַ צווייטער פשוט אויס מורא,
דער לעזער זאָל נישט געפונען אַ וואָרט פון קאָנקורענט. איז באַ אונז

אײנער ניט בכח אױסצושרײַבען אַלע צײַטונגען, און לײנט נאָר אײ־
נע, װעט ער קײנמאָל ניט הערען פון די איבעריגע, װעט קײנמאָל
ניט װיסען, װי זײ בעציען זיך צו דער אָדער יענער װיכטיגער פראַ־
גע אין נאַציאָנאַלישען אָדער געזעלשאַפטליכען לעבען.

דערפאַר װעט ער טאָגטעגליך געפינען אין זײן בלאַט אַ גע־
נױעם בעריכט װעגען יעדען גענעץ, װאָס סװואָרין האָט געטון, װע־
גען יעדען ביל מענשיקאָװס, יעדען שפּײ פּורישקעװיטשס און זידעל
דובראָװינס.

װען אונזערע צײַטונגען זאָלען זײן אַביסעל מער טאָלעראַנט אײ־
נע צו דער אַנדערער; װען יעדע זאָל זיך צוהערען צו דער ריכטי־
גער שטימע פון די איבעריגע; װען אַלע זאָלען פאַרײניגען זײערע
קרעפטען אין װיכטיגע כללפראַגען, װאָלט אונזער געזעלשאַפטליך לע־
בען, פּוליטיש, אַן׳אַנדער פנים געהאַט.

די צװײ פראַגען, װעגען װעלכע איך האָב גערעדט אין פאָרי־
גען אַרטיקעל, האָבען אַ אומגעהײַערע בעדײטונג ניט נאָר פאַר׳ן פּױ־
לישען יידענטום, נאָר—װי עס האָט ריכטיג בעמערקט ה׳ ניסעלאָ־
װיטש—אױך פאַר׳ן גאַנצען רוסישען יידענטום.

מ׳דאַרף נאָר אַ טראַכט טון, װעגען װאָס דאָ האַנדעלט זיך.

מילא, די בעגרענצונגען, װאָס זענען אַראָפּגעלעגט אַף אונזערע
רעכטען, דאָס איז שױן אַן׳אָפּגערעדטע זאַך, שרײַ פון הײַנט ביז מאָר־
גען — דאָ מוז מען האָבען געדולד.

אָבער, װי דערלאָזט מען, עס זאָלען אײנגעפירט װערען נײַע
בעגרענצונגען!? װי מ׳קװעטשט אונז ניט איצט אַרום און אַרום, װײ־
סען מיר: דאָס האָט מען בלױז אַרױסגעשלעפּט אַלטע דינים. אָבער
מ׳טאָר דאָך בשום אופן ניט װײַזען אַ דרך, אַז די דריטע דומאַ קען
אָפּ׳ן געזעצגעבערישען װעג אױסשמידען נײַע קײטען פאַר אונזערטװע־
גען. מ׳טאָר ניט װײַזען אַ דרך, אַז אין אַזאַ געביט, װאָס איז אַ
שטיק נצחון פון די נײַע װינטען, זאָלען פאַר אונז בעשאַפען װע־
רען נײַע בעגרענצונגען! און די קינפטיגע שטאָדטישע זעלבסטפאַר־
װאַלטונג אין פּױלען — דאָס איז דאָך אַזאַ פאָרשריט, דאָס איז דאָך אַ
קינד פון קאָנסטיטוציאָנעלישען רוסלאַנד...

אַן און פיר זיך שטעלען די צװײ געזעצפּראָיעקטען פאַר אונז
פאָר אַ גרױסען אינטערעס. זײ בערירען אונז מאַטעריעליש און מאָ־
ראַליש.

זײַ האָבן, אָבער, פאַר אונז נאָך אַ גרעסערע פּרינציפּיעלישע באַדײַטונג, באַזונדערס דער געזעצפּראָיעקט װעגן דער שטאָדטישער זעלבסטפאַרװאַלטונג.

איך פאַרזיכער, אַז דער געזעצפראָיעקט װעגן זעלבסטפאַרװאַל־טונג אין די פּױלישע שטעדט איז דער פונדאַמענט, אַף װעלכן עס װע־לען זיך בױען אַלע װײַטערדיגע באַציונגען צװישען אונז און די פּאָליאַקען. װעלן אונזערע אינטערעסן גענומען אין אַכט און געשיצט װערן, — װעט אונזער גאַנץ לעבן אין פּױלן װערן נאָרמאַלישער, און אַלע איבעריגע אונזערע באַדערפענישען און רעכטן — קען מען האָפן — װעלן אויך װי עס איז באַפרידיגט און פאַרטײדיגט װערן... גײט, אָבער, דורך דער געזעצפראָיעקט אין זײַן איצטיגער רעדאַקציע, װעט דער שװאַרצער אָנפאַנג זײַן אַ טױטורטײל פאַר דעם גאַנצן קרײַז פון אונזערע אינטערעסן און שטרעבונגען אין פּױלן; װאָס װײַטער, װעט מען אונז דאָרט אַלץ מער דריקן און פאַרפאָל־גען ... אַנ׳אַרט תפיסה װעט מען איצט מאַכן פון די „זשידאָװסקע״ גאַסן אין די פּױלישע שטעדט און שטעדטלעך, — אַ תפיסה, אין װעל־כער דאָס לעבן װעט זײַן נאָך פינסטערער, װי איצט..

דער געזעצפראָיעקט לעגט דעם װינקעלשטײן. ער צײכענט־אָף די ריכטונג, אין װעלכער עס דאַרפן זיך אויסבילדען די פּױליש־יי־דישע באַציונגען. ער באַשטימט דעם קאָליר, אין װעלכן עס דאַרף אָפּגעפאַרבט װערן אונזער נאָהענטע צוקונפט אין פּױלן.

און איך בין איבערצײַגט, אַז מיר קענען נאָך װירקען אַף די רעדאַקציע פון געזעצפראָיעקט. נאַטירליך, נישט מיט שװײַגען. מיט אַ שװײַגענדיגען דערלױבט מען זיך אַלץ. אַ שװײַגענדיגן מעג מען אויס־שנײַדען לעבעדיגע שטיקער פלײש. פּראָטעסטירען, שרײַען דאַרפן מיר. װײַזען, אַז מיר לעבן, פילן און װילן נישט דערלאָזען די בלוטיגע אָפּעראַציע.

מיט אַ געשרײ — זײט איר—רעכענט מען זיך יאָ.

די אָקטאָבריסטען, װי מיר איז באַקאַנט, זענען גאָרנישט נוטה אָנצוהענגען פּרישע שטײנער אַפ׳ן ידישען האַלז. מ׳דאַרף זײ, אָבער, געבן צו װיסען אונזער װילן. מ׳דאַרף זײ װײַזן, אַז אונז אַרט די זאַך, אַז מיר קאָרטשען זיך אונטער דער בײַטש, װאָס מען האָט אָפּ־געהויבן אַף אונז.

שטורמען דאַרף מען.

און דער אַרויסרופער פון שטורם, דער הויפטשרייַער און אָר-
גאַניזאַטאָר דאַרף זייַן—די פּרעסע. זי קען זער שטאַרק ווירקען אַף
די פּוילישע און רוסישע געזעלשאַפטליכע מיינונג, אַף די דומאַ און
אַף די רעגירונג.

וועלען אונזערע צייַטונגען אין אַזאַ מינוט נישט פאַרגעסען זייערע
קליינליכע חשבונות, אום זיך צו פאַרייניגען צוליב דער גרויסער נאַ-
ציאָנאַלישער זאַך?

אויב די דערמאַנטע געזעצפּראָיעקטען וועלען דורכגיין, וועט אין
דעם זייַן שולדיג נישט אַזוי די רעגירונג און די דומאַ, ווי מיר
אַליין.

זענען מיר שוין, ווירקליך, אַזוי פאַרפוילט, אַזוי אַפּאַטיש צו
אַלעם — אַז אונז אַרט שוין גאָר נישט?

„אונזער לעבען", 1909, נ' 158. —

**פּעטערבורג, 18 (31) יולי.**

## ווײַטער וועגען די צוויי פראַגעןꞏ

שוין אַ חודש, ווי איך האָב אין „אונזער לעבען" אָפּגעדרוקט מײַן ערשט אַרטיקעל וועגען די „צוויי פראַגען"

איך האָב געמיינט: טאָמער וועט זיך פּאָרט עמיצער פון אונזערע כּלל־טוער אָפּכאַפּען, וועט אַ קלערער טון... און עפּעס אַ שריט מאַכען.

שוין אַ חודש — און אָפּגערופען האָט זיך בלויז דעפּוטאַט נ י ס ע ל אָ ו י ט ש.

ס'איז אויך זער וויכטיג: הייסט עס, אונזער פּאַרטרעטער בעגרייפט דעם ערנסט פון די פראַגען און וועט, מסתמא, טון אַלץ, וואָס וועט זײַן אין זײַן מעגליכקייט.

אָבער וואָס קאָן איינער אָפּטון, אויב ער וועט נישט האָבען הינטער זיך די שטיצע פון דער יידישער געזעלשאַפט? וואָסער ממשות קאָן האָבען זײַן שטימע, אויב זי וועט נישט זײַן אַן אָפּקלאַנג פון אַ היליגען גערודער, וואָס זאָל אָנפילען די גאַנצע יידישע גאַס?

די יידישע צײַטונגען, ווי געוויינליך, שווײַגען. מ'האָט נישט געפונען פאַר נייטיג איבערצודרוקען דעם יידישען דעפּוטאַטס בריוו... און זאָגאַר דער „פרײַנד" האָט דאָס נישט געטון, כאָטש ער אינטערעסירט זיך שוין צופיל מיט דער גאָסוד. דומאַ... דערפאַר — זאָל נאָר בולאַצעל פאַרעפענטליכען עפּעס אַ פּאַסקוויל—וועט ער גלײַך געבראַכט ווערען אויך אין אַלע יידישע בלעטער, און, פאַרשטייט זיך, אַף אַ בכבוד'יגען אָרט. איבריגענס, אַפ'ן „פרײַנד" איז אַפילו נישטאָ זיך וואָס צו וואונדערן: ער איז די לעצטע צײַט געוואָרען עפּעס אַ מין „פאַר-

לאַמענט פון [illegible] ־גען ; ריכטונגען בײַטען זיך אין אים, ווי די כוואַליעס אין טײַך. למשל, ערשט מיט 3—4 וואָכען צוריק האָט דאָס פּעטערבורגער בלאַט געהויבען יעקב גאָרדינ׳ען ביז צום הימעל, פאַריבעל געהאַט אַף מ. ל. ליליענבלומ׳ען, פאַרוואָס ער האָט אַזוי האַרב פוגע בכבוד געווען דעם פאַרשטאָרבענעם, און שוין נעכטען האָבען מיר געקאָנט לייענען אין דערזעלביגער צײַטונג, אַז „גאָרדינ׳ס שאַפונג איז נישט נאָר פרימיטיוו, נאָר אויך געפּעלשט. מאַרגאַרין, פאַלשע פּוטער“.

אַ פּנים, אַז דאָס פּאַפּיר קאָן אַלץ פאַרטראָגען. דערבײַ רעכענט מען, מסתמא, שטאַרק אַפ׳ן קורצען זכרון פון לעזער...

דאָס טרויריגסטע איז, אָבער, וואָס עס רופען זיך נישט אָפּ די, אָף וועמען מ׳וואָלט געקאָנט אין דער הינזיכט אַם שטאַרקסטען רעכענען—די אָרטיגע כּללטוער.

פאַראַן אַזעלכע: בשעת די וואַלען אין די ערשטע צוויי דומאַ׳ס האָבען מיר זיי געזייען. פיל פון זיי האָבען דעמאָלט גרויסע זאַכען בעוויזען. וואו-זשע זענען זיי איצט?

זיי דאַרפען דאָך אַמשאַרפסטען פּילען, מיט וואָס דער איצטיגער געזעצפּראָיעקט וועגען דער שטאָדטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין פּוילען שמעקט פאַר אונז. זיי, וואָס וואוינען אין די פּוילישע שטעדט און שטעדטלעך, מוזען דאָך קענען דעם חילוק צווישען דער בעציונג פון מאַגיסטראַט צו דער קריסטליכער בעפעלקערונג און צו דער יידישער. אַפ׳ן אײַגענעם רוקען האָבען זיי די דערפאַרונג בעקומען. הײַנט, זאָלען זיי זיך נאָר פאָרשטעלען, וואָס עס דערוואַרט זיי אין דער נאָהענטסטער צוקונפט, אויב דער געזעצפּראָיעקט ועט אָנגענומען ווערען, און די יידען וועלען נישט האָבען כּמעט קיין פאַרטרעטער אין די רעפאָרמירטע „מוניציפּאַליטעטען“...

דער זאַקסישער גאָרטען איז איצט פאַרשלאָסען פאַר די יידען אין לאַנגע קאַפּאָטעס. זײַט זיכער, אַז דעמאָלט וועט אויך דער קראַסינסקי, וואָס איז איצט נאָך אָפען, זײַן פאַר׳חתמ׳עט מיט זיבען זיגלען... מאַרשאַלקאָווסקע גאַס, נײַע-וועלט, קראָקעווער-פאָרשטאָדט — אַלע צענטראַלישע קריסטליכע גאַסען — האָבען שוין טײַערע הילצערנע ברוקען, וואָס פאַרשלינגען דעם געוויש פון די רעדער און קאָפּיטעס. די נאַלעווקעס, דערפאַר, — יידישע „סיטי“ — וועלען שוין אײביג שמאַכטען אַף דעם שטיינערנעם ברוק, וואָס מאַכט מיט זײַן געוויש די גאַס פאַר אַ גיהנום...

איך געדענק — כ׳האב אמאל אפגעזאוינט צוויי יאר אין א קליין פוילישן שטעטל — אין סאנדאמיעזש (צויזמער). א געטליך ווינקעלע, א שיינס, א ציכטיגס. און נאר די יידישע גאס האט שטענדיג געזונקען אין בלאטע, אין שמוץ. דער קאנטראסט צווישען צוויי גאסען, וואס ליגען איינע לעבען דער אנדערער, איז געווען אזוי גרויס, אז די אויגען האבען זיך אפגעזאגט צו גלייבען. די הויפטגאס, אף וועלכער ס׳געפינט זיך די פאסט און דאס ראטהויז, — א קליינער גן-עדן. צוויי שריט צוריק — א פטוש׳ע קלואקע ... פון דער נאראדאווער דעמא-קראטיע, וואס רעכענט אלע יידען פאר פרעמדע, פאר פאראזיטען, פון וועלכע מ׳דארף וואס גיכער פטור ווערען, איז שווער צו דערוואר-טען, זי זאל זארגען פאר די סאניטארישע, היגיענישע און עסטעטישע תנאים, אין וועלכע אונזערע ברידער לעבען...

דער וויכטיגסטער טייל פון דער ארבעט, וועלכע מ׳דארף איצט אנהייבען, קאן געמאכט ווערען נאר דורך די ארטיגע כללטוערס. נאר זיי, וואס קענען יעדעס ווינקעלע אין זייער היים, זענען אימשטאנד אנצוזאמלען די נייטיגע סטאטיסטישע מאטעריאלען און די לעבעדיגע אילוסטראציעס צו די טרוקענע ציפערן.

זאלען אין יעדער שטאדט 2—3 מענשען זיך צונויפרעדען און צוזא-מען אפטון פאלגענדיגס: פראסט אהן מליצות באשרייבען דעם סאניטא-רישען און עסטעטישען צושטאנד פון דער גאנצער שטאדט — בעזונדער פון די קריסטליכע און פון די יידישע גאסען, ד. ה. דערציילען: צי איז די שטאדט א ריינע אדער א קויטיגע? ווי ווערט געזארגט פאר דאס ריינקייט? וואסערע מיטלען נעמט-אן דער מאגיסטראט? ווערען די מיטלען אנגעווענדט נאר צו די קריסטליכע גאסען אדער אויך צו די יידישע? געפינען זיך פארפלאנצונגען אף די גאסען? פארגרעסערט מען זייער צאל? אף די יידישע? אף די קריסטליכע? אין וואסער צושטאנד געפינט זיך דער ברוק? אף די יידישע גאסען? אף די קריסטליכע? גע-פינט זיך אין שטאדט וואסערלייטונג? אף וואסערע גאסען? ווי בא-לייכט מען דארט די גאסען? איז פאראן א שטאדטגארטען? ווי בא-ציט מען זיך דארט צו די יידען?

אויך איז וויכטיג צו ענטפערן אף די פאלגענדיגע פראגען: ווע-זיצט אין מאגיסטראט? צו וואסער פארטיי געהערען זיינע באמטע? ווי איז זייער באציונג צו יידען בכלל, און ווי באהאנדלען זיי די יידי-שע קליענטען? ווי ווערען אפגעשאצט די יידישע הייזער און געשעפטען

און די קריסטליכע? אַף וועמען [illegible] גרעסערע שטײַערן?
דערבײַ מוז, נאַטירליך, אָנגעוויזען ווערען, וויפיל ייִדען וואוי-
נען אין שטאָדט און וויפיל קריסטען; ווי גרויס איז די צאָל פון די
ייִדישע און קריסטליכע הויזבעזיצער, סוחרים, הענדלער און בעלי-
מלאכות.

ווער ס'קאָן נישט געבען א תשובה אַף אַלע שאלות, דער זאָל
ענטפערן כאָטש אַף א טייל פון זיי.

ווען כאָטש א העלפט פון די פוילישע שטעדט און שטעטלעך
זאָל זיך אָפרופען אַף די אַנקעטע, וואָלט זיך אָנגעקליבען א קאָסטבאַ-
רער מאַטעריאַל. בעאַרבעטענדיג דעם מאַטעריאַל, וואָלט מען בכלל גע-
קאָנט געבען א אינטערעסאַנט בילד פון אונזער געזעלשאַפטליכער און מאַ-
טעריעלישער קולטור אין פוילען און פון אונזער שטאָדטישער לעבענסאַרט.

נאָך חשוב'ער איז, פאַרשטייט זיך, וואָס דער מאַטעריאַל וואָלט
געקאָנט פון קאָפ ביז פיס בעוואָפענען אונזערע פאַרטרעטער אין דומאַ
אין'ם קאַמפ קעגען דער גזרה, וואָס שטעקט אין געזעצפראָיעקט ווע-
גען דער שטאָדטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין פוילען. איך שטעל מיר
פאָר, אַז מיט אַזעלכע ציפערן און אילוסטראַציעס אין די הענט וואָלט
דער קאַמפ פיל לײַכטער געוואָרען, אויך דער נצחון וואָלט געווען
גרינגער.

ווער קאָן, אָבער, בעאַרבעטען דעם אָנגעזאַמעלטען רויען מאַ-
טעריאַל?

דערצו וואָלט נייטיג געווען א ספּעציעלער צענטראַלער קאָמיטעט.

כל זמן אַזא קאָמיטעט איז, אָבער, נישטאָ, קאָן מען די תשובות
אַף די אַנקעטע אַרײַנשיקען אין די ייִדישע צײַטונגען. כ'רעכען, אַז
„אונזער לעבען" וועט די ערשטע מיט פאַרגעניגען אָפּגעבען א אָנגע-
זייען אָרט פאַר די קאָרעספּאָנדענציעס מיט אַזעלכען מאַטעריאַל. איבע-
ריגענס, אויב עמיצער איז נישט אימשטאַנד אַליין ליטעראַריש איבער-
צוגעבען דעם מאַטעריאַל, וואָס ער האָט וועגען זײַן שטאָדט, זאָל ער
אָפּשרײַבען ווי עס איז און צושיקען דעם שרײַבער פון די דאָזיגע
שורות דורך דער רעדאַקציע פון „אונזער לעבען". איך בין גרייט צו
נעמען אַף זיך די מי און בעאַרבעטען די רעזולטאַטען פון דער אַנ-
קעטע, וועלכע כ'לעג פאָר.

נאָך א קליינער פאָרשלאָג—ספּעציעל פאַר די קאָרעספּאָנדענטען פון
„אונזער לעבען": זאָלען זיי תיכף מיטטיילען אין די רעדאַקציע: רעדט

מען עפּעס באַ זיי אין שטאָדט וועגען דער נייער גזרה, וואָס מ'וויל איינ-
פירען אַף די פּוילישע יידען? האָט מען בדעה עפּעס צו טון? וואָס איז
שוין ביז איצט געטון געוואָרען אין דער ריכטונג? גרינדט זיך עפּעס
אַ קאָמיטעט? [1])

„אונזער לעבען", 1909, נ"נ 166, 167.

[1]) אָפּגערופען זיך אַף דעמראָזיגען פאָרשלאָג האָבען ... 2 פּערזאָן.
ג. פּ. (1913).

פעטערבורג, 30 סעפטעמבער (31 אָקטאָבער).

## נאָך נישט שפּעט.

נאָך עטליכע טעג, און די טירען פון טאַווּרישען פּאַלאַץ וועלען זיך ווידער עפענען.

צווישען די ערשטע געזעצפראָיעקטען, וואָס וועלען אַראָפּגעבראַכט ווערען אַפ׳ן טיש באַלד אין אָנהייב פון דער נייער סעסיע, געפינט זיך אויך יענער, וואָס איז אַזוי שטאַרק נוגע די פּוילישע יידען; יענער, וועלכען כ׳האָב שוין געווידמעט איינציגע אַרטיקלען אין „אונזער לעבען״.

כ׳מיין דעם געזעצפראָיעקט וועגען איינפירען שטאָדטישע זעלבסט-פאַרוואַלטונג אין פוילען.

דאָס אינערנמיניסטעריום האָט זיין אַרבעט שוין אָפּגעטון. דער מלבוש איז אָפּגענייט. איצט ווערען איינגעלאַדען צו צוויי כללטוערס פון יעדער פּוילישער גובערניע צו נעמען אָנטייל אין דער קאָמיסיע, וועלכע גרייט-צו די לעצטע רעדאַקציע. — די אורחים דאַרפען זאָגען מבינות: ווי געפעלט זיי דער אָנצוג?

וועט צווישען דידאָזיגע כללטוערס זיין אויך אַ ייד, וואָס זאָל פאַרטיידיגען אונזערע אינטערעסען?

ענטפערן קאָן מען מיט אַ שאלה:

— וואָסערע שריט האָט די יידישע בעפעלקערונג ביז איצט פאָרגענומען, כדי צו ווייזען, אַז זי בעצייט זיך נישט גלייכגילטיג צום גאַנצען עסק; אַז זי איז געקרענקט פון די בעגרענצונגען, וועלכע מ׳גייט פאַר איר איינפירען; אַז זי פאָדערט, מ׳זאָל נישט אַראָפּלעגען אויף איר די נייע קייטען?

דער שרעקליכסטער צושטאַנד פון אַ מענש איז, ווען ער איז אינגאַנצען געליימט — זייט אַלץ, בעגרייפט אַלץ, קאָן, אָבער, נישט רירען מיט אַנ׳אבר און איז אומפייג צו פאַרווירקליכען זיינע פאַרלאַנגען אָדער אָפּוועהרען די אומגליקען. נאָך שרעקליכער, ווען אַ גאַנץ פאָלק איז געליימט, ווען אַ גאַנץ פאָלק זייט, וואָס אַרום טוט זיך, פאַרשטייט עס און איז נישט אימשטאַנד אָפּצוהייבען אַ פוס, אום צו מאַכען אַ שריט, וואָס קאָן אים אַ געוויסע הנחה ברענגען; נישט אימשטאַנד אויסצוציען אַ האַנט, אום אָפּצושטויסען דעם שווערען שטיין, וואָס קייקעלט זיך גלייך אַף אים ...

זאָגען מיר, ווירקליך, אַזאַ געליימט פאָלק!?

איך קאָן נישט גלייבען אַפילו אַנ׳אויגענבליק, אַז די מענשען, וואָס לייענען אַ בלאַט צייטונג, זאָלען נישט פאַרשטיין, וואָס ס׳איז אין דעמדאָזיגען בלאַט צייטונג שוואַרץ אַף ווייס געדרוקט. און אין פוילען ווערען יידישע צייטונגען איצט גאַנץ היבש געלייענט — די אַנטיסעמיטען קריכען אַזש די אויגען אַרויס פאַר קנאה.

אַף מיינע אַרטיקלען אין „אונזער לעבען" האָט דעפּוטאַט נ י ס ע-ל אָ ו י ט ש זיך אָנגערופען. אויך ער האָט אָנגעוויזען, אַז די זאַך איז ערנסט. יאָ, די זאַך איז ערנסט. די זאַך שמעקט זער ביטער. לאָמיר בעזייטיגט ווערען אין פוילען פון אָנטייל אין דער שטאָדטישער זעלבסטפאַר-וואַלטונג, — איז נישט וויַיט דער טאָג, ווען דער אידעאַל פון סטעפאַן ג ו ר ס ק י וועט ווערען אַ צאַפּעלדיגער פאַקט. מ׳וועט אונז מאַכען דאָס לעבען אין פוילען אומדערטרעגליך. איר האָט געלייענט אין „פּאָליאַק-קאַטאָליק": „שלאָגען די זשידעס דאַרף מען נישט, אָבער אַפ׳ן פרידליכען אופן אַרויסשטופען זיי — איז נויטווענדיג"... דוקא אָהן פּאָגראָמען, נאָר מיט אכזריות׳דיגער קאַלטבלוטיגקייט וועט מען אונז מיט צוימען פון אַלע זייטען אַרומרינגלען, מ׳וועט די לופט בּאַ אונז אַוועקנעמען. די זון פאַר אונז פאַרשטעלען ... מיט ווערטער וועגען קולטור — דער „דזיען" רעדט אַלץ וועגען בויקאָט, ווי וועגען אַ „קולטורעליש" קאַמפ-מיטעל, — מיט זיסע פרומע פנים׳ער וועט מען איבערשניידען אַלע וואָרצ-לען, וואָס בינדען אונזער קיום מיט׳ן לאַנד און איין שרעקליכער: „גייט-איינ!" וועט פאַרהילכען די יידישע גאַס...

איז מעגליך, די יידישע בעפעלקערונג אין פוילען זאָל דאָס נישט פאַרשטיין?

וואָס-זשע שלאָפט זי?

ווען מ׳האָט גערעדט וועגען דעם, ווי נייטיג עס איז צו אָרגאַ-ניזירען אַ ברייטע פלאַנמעסיגע אַרבעט, אום צו קעמפען קעגען דער סכנה, וואָס שטייט שוין פאַר דער שוועל; ווען מ׳האָט געבעטען רחמים: יידען, קלויבט מאַטעריאַלען, פראָטעסטירט, בעווייזט אייער בעדייטונג אין עקאָנאָמיש-געזעלשאַפטליכען לעבען —, פראָטעסטירט: זאָל מען זיין, אַז איר לעבט און פילט, אַז איר זייט די סכנה און ווילט זי פאַר-מיידען, אַז איר האָט אינטערעסען און זענט פייגיג זיי צו פאַרטיידי-גען, — ווען מ׳האָט געשריגען אין אויער אַריין:

— פלשתים עליך, שמשון!

האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז נישט אַ „שמשון״ איז דאָס, נאָר אַ ליימענער גולם...

מ׳האָט געבעטען אַ קלייניגקייט: זאַמעלט סטאַטיסטישען מאַטעריאַל און שיקט אין די רעדאַקציעס אַריין.

אומזיסט! דער עולם שווייגט!

„צום וואַרשעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר איז אָנגעקומען אַ ביטע פון אַ גרופע יידען אַרויסצושיקען קיין פעטערבורג צו בעטייליגען זיך אין דער אַרבעט פון דער קאָמיסיע 3 יידען, פאָרשטייער פון די יידי-שע געמיינדעס אין וואַרשע, לאָדז און לובלין.״

אַזוי מעלדען די צייטונגען.

וואָלט די ביטע נישט געהאַט מער ממשות, ווען אַ ברייטע גע-זעלשאַפטליכע בעוועגונג זאָל שטייען הינטער איר זי צו שטיצען?

ס׳איז נאָך נישט שפעט, און עפּעס קאָן נאָך אָפּגעטון ווערען!

„אונזער לעבען״, 1909, נ׳ 224.

ווארשא, 12 (25) אָקטאָבער. —

## נאָך וועגען דער שטאָדטישער זעלבסטפערוואלטונג אין פוילען.

יינינע פוילישע ציַיטונגען האָבען געמאַכט אַף מיר אַ בלבול, אַז איך בין אַ געגנער פון שטאָדטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג פאַר פּוי-לען. איך וויס נישט, פון וואַנען זיי האָבען דאָס גענומען. יעדער, וואָס האָט אָפּמערקזאַם געליינט מיינע אַרטיקלען, קאָן, מיין איך, בעשטעטיגען, אַז אין זיי געפינט זיך נישט אַפילו קיין שאָטען שנאה צו דעם ביסעל פריַיהייט, וואָס די פוילישע שטעדט האַלטען באַ בע-קומען. אדרבה: איך בעגריס די רעפאָרם! אַלס מיטגליד פון פוילישען יידענטום, אַלס מענש, וואָס איז מיט פיל פאָדעם פון זיין טעטיגקייט צוגעבונדען, די שיינע ברעגעס פון וויסעל, קאָן איך נאָר מיט פרייד אָפּנעמען יעדע בשורה וועגען הנחות פאַר'ן לאַנד.

אויב איך מאַך-אָן „ליאַרמעס", ווי אַ ציַיטונג האָט זיך אויסגע-דרוקט, איז נאָר דערפאַר, וואָס איין פונקט פון דעם געזעצפּראָיעקט איז כולל א נייע גזרה פאַר אונז, אַ גזרה, וואָס איז אַ בלוטיגע בע-ליידיגונג פאַר אונזער כבוד און אַ טויטקלאַפּ פאַר אונזער לעבענס-אינטערעסען. און אָט קעגען דעם איינעם פונקט פּראָטעסטיר איך, אַף דעם איינעם פונקט וויַיז איך דער יידישער געזעלשאַפט, אָפּפאָדערנדיג זי, אָנצונעמען מיטלען קעגען דער סכנה.

און די אמת'ע סכנה זיי איך נישט אין דעם, וואָס די ביוראָ-

קראַטיִע גאַרט צו מאַכֿען פאַר אונז נײַע בעגרענצונגען, נאָר אין דעם, וואָס די פּוילישע געזעלשאַפט בעציט זיך אַזוי משונה׳דיג-אומבעשטימט צו דעם גרויסען אומרעכֿט, וואָס מ׳גייט אונז אָנטון. פאַרוואָס פּראָטעסטירט ניט דער פּוילישער כּלל קעגען דער עולה?... ביז איצט האָב איך געהערט נאָר, ווי די שוואַרצע ראָבען פריִיען זיך.

יעצט האָט זיך בעוויזען דאָס ערשטע שוועלבעלע. איינער פון די 10 אָרטיגע כּללטוער, וואָס זענען אַרויסגערופען געוואָרען קיין פּעטערבורג זיך צו בעטייליגען אין דער קאָמיסיע, וועלכֿע בעאַרבעט די לעצטע רעדאַקציע פון געזעצפּראָיעקט, אַדוואָקאַט סאָליגאָווסקי, האָט אין אַ געשפּרעך מיט אַ מיטאַרבעטער פון „קוריער וואַרשאַווסקי" זיך אויסגעדרוקט, אַז די נאַציאָנאַלישע קוריעס אין דער פאָרם, ווי זיי ווערען איצט פּראָיעקטירט, זענען שעדליך און ניט געוואונשען. ה׳ סאָליגאָווסקי האָפט, אַז „אויך אין די זאַכֿען וועט נאָך פאָרקומען אַ שינוי".

אָבער דאָס שוואַכֿע און אומבעשטימטע וואָרט קאָן אונז נאָך ניט צופרידענשטעלען. וואָסער שינוי? ווער וועט אים פאָרלעגען? ווי שטאַרק וועט מען אים פאַרטיידיגען?--אַף די פראַגע גיט ה׳ סאָליגאָווסקי קיין ענטפער ניט. ער הייסט גלאַט האָפען, און צום סוף זאָגט ער עטליכֿע ווערטער, וועלכֿע ווייזען קלאָר, אַז קיין גרויסע מי וועט ער אַף די זאַך ניט לעגען, אַז ס׳גייט אים ניט ווי אין לעבען, און אַז ער איז גרייט איינצוגיין אַף די גזרה: „אויב, — זאָגט ער— די זעלבסֿפאַרוואַלטונג וועט פאַרווירקליכֿט ווערען אין לעבען, וועלען אירע פּעלערן זיך אַרויסווייזען אין זייער גאַנצער דיִיטליכֿקייט, און דעמאָלט וועט מעגליך זיין צו רעדען וועגען ענדערן דאָס וואַלרעכֿט"...

אַ שיינעם דאַנק!

די זעלבסטפאַרוואַלטונג טאָר ניט איינגעפירט ווערען אין דער פאָרם, ווי די רעגירונג פּראָיעקטירט. די גאַנצע זאַך הענגט אָפּ פון פּוילישען „קאָלאָ".

יאָ, נאָר פון „קאָלאָ"! די אָפּאָזיציע און אַ טייל פון די לינקע אָקטאָבריסטען וועלען שטימען קעגען דער גזרה. זאָלען נאָר די פּוילישע דעפּוטאַטען ענערגיש אַרויסטרעטען, קאָן דער פּונקט—מ׳ מעג עס זאָגען אַף געוויס — דורכֿפאַלען.

אויב די „קאָלאָ" וועט דאָס ניט טון, מעגען מיר עס בעטראַכֿטען אַלס אַ פיינטליכֿען שריט קעגען אונז. — דעמאָלט זענען מיר בע-

רעכטיגט צו פאָדערן פון די יידישע דעפּוטאַטען און דער אָפּאָזיציע, זיי זאָלען שטימען קעגען גאַנצען געזעצפּראָיעקט!

ווי שטאַרק מיר זאָלען נישט וועלען, די שטאָדטישע זעלבסט-פּאַרוואַלטונג זאָל ווערען אַ פאַקט, — דער איינער ביטערער פּונקט—איז, אָבער, דער לעפּעל „דזיאַגעץ", וואָס מאַכט פּסול דאָס פאַס האָניג...

„אונזער לעבען", 1909, נ' 232. —

פעטערבורג, 25 אָקטאָבער (7 נאָוועמבער).

# דאָס שווײַגען און דאָס דרײַען.

מיט גרויס אומגעדולד האָט די היגע קאָלאָניע ווארשעווער יידען געוואַרט אַף די לעצטע נומערן פון דער פּוילישער פּרעסע: וואָס וועט די פּוילישע עפּענטליכע מיינונג זאָגען אַף סטאָליפּינ'ס חערטער וועגען די יידען אין דער שטאָדטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג? אַז יעדער מער ווייניגער אינטעליגענטישער פּאָליאַק מוז פאַר-שטיין די אמת'ע כונה פון דער ביוראָקראַטיע, איז בא אונז קיין ספק אפילו נישט געווען.

לאָזען די פּאָליאַקען איינגיין אַף די בעגרענצונג פאַר יידען, לאָזען זיי איבערנעמען אַף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די נייע גזרה, — דערמיט פּועל'ט די ביוראָקראַטיע צוויי זאַכען:

ראשית: די פּאָליאַקען קאָמפּראָמעטירען זיך אַליין און פאַרלירען אַף אייביג דאָס רעכט צו פּראָטעסטירען קעגען די בעגרענצונגען, וואָס ווערען איינגעפירט פאַר זייערע ברידער אין מערב-קאַנט;

און שנית: עס מוז זיך צופלאַקערן די נאַציאָנאַלע שנאה און דער נאַציאָנאַלער קאַמף אין פּוילען. די פאַרשאַרפונג פון די פּויליש-יידישע בעציהונגען מוז אָפּשוואַכען דאָס אָרטיגע געזעלשאַפטליכע לע-בען, און דערפון קאָן געניסען די רעאַקציע...

„Divide et impera!“ — ד. ה. „מאַך אַ שפּאַלטונג און געוועל-טיג“! — אַנ'אַלטער אויסגעפּראָבירטער פּרינציפּ, מיט וועלכען די אונ-טערדריקער פון אַלע צייטען און אין אַלע מלוכות בענוצען זיך ברייט!

און מיר האָבען געהאָפט צו טרעפען כאָטש אין איין פוילישער צייטונג אַ ריכטיגע בעציונג צו דער זאַך.

אומזיסט!

די פוילישע צייטונגען — אויסער דער יידישער „נאָווא גאַזע-טאַ“ — האָבען פאַרשוויגען די סענסאַציאָנעלישע ווערטער. און דאָס שווייגען געהערט צו דעם מין, פון וועלכען אַ לאַטייניש שפריכוואָרט דריקט זיך אויס:

— „Cum tacent — clamant“.

ד. ה.: „דערמיט, וואָס זיי שווייגען, שרייען זיי“.

יאָ, דאָס שטילשווייגעניש איז ערגער פון דעם הילכיגסטען גע-שריי.

— מיר פאַרשטייען טאַקי אַלע כונות, אָבער אַף די גזרה פאַר יידען גייען מיר פאָרט איין! — דאָס איז דער זין פון׳ם דיפּלאָמאַטי-שען שטומעניש.

איבריגענס, דער „ליבעראַלישער“ — „קוריער פּאָראַנני“ דער-קלערט אָפען, אַז הגם נאַציאָנאַלישע בעגרענצונגען זענען נישט פון די שיינע זאַכען, דאָך „די בעציונגען זענען אַזוי פאַרפלאָנטעט“, אַז מ׳מוז אָננעמען דעם פּונקט“...

פאַר מיר פּערזענליך איז די טאַקטיק דורכויס נישט קיין נייע. איך האָב זי פּראָרויסגעזייען נאָך מיט אַ האַלב יאָר צוריק און האָב וועגען דעם דעמאָלט געערעדט שוין אין אַרטיקעל „צוויי פראַגען“.

איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס איך טו, ווען כ׳האָב גע-שריבען:

— „איך זע די אמת׳ע סכנה נישט דערין, וואָס די רעגירונג פּראָיעקטירט אַ נייע גזרה, נאָר אין דעם, וואָס די פוילישע געזעל-שאַפט איז, דאַכט זיך, שטאַרק נוטה מסכים צו זיין אַף די בע-גרענצונג פאַר יידען“.

און נישט אומזיסט איז „גלאָס וואַרשאַווסקי“ אַזוי מלא חימה אַף מיר: ווי האָב איך געהאַט די חוצפה צו פאָדערן פון דער פוילי-שער געזעלשאַפט, זי זאָל פּראָטעסטירען קעגען דער עולה, וואָס מ׳גייט אונז אָנטון?... איך פאַרשטיי גאַנץ גוט זיין כעס. מיט מיינע העזה׳דיגע טענות האָב איך אינגאַנצען קאַליע געמאַכט דעם דיפּלאָמאַטישען פּלאַן פון ה׳ דמאָווסקי און זיינע חברים, וועלכע האָבען גערעכענט

יוצא-זיַין מיִט שוויַיגען, נו׳זאָל מיַינען: זיִי ווילען טאַקי ניִשט, נאָר די רעגירונג וויל, און זייִ קאָנען גאָרניִשט העלפען...

איִצט, ווען דאָס שוויַיגען איִז שוין קאָמפּראָמעטירט געוואָרען, הייבּט מען זיִך אָן אָנצוכאַפּען אָן אַ פריִשער טענה:

— „די יידען אַליין זענען מסכים, מ׳זאָל בּעגרענעצען זייער וואַל-רעכט"!

אַזוי שטייט שווארץ אַף וויַיס אין „קוריער פּאָראַנני".

די ציַיטונג, ווי אייניגע אַנדערע, שטיצט זיִך אַף דעם נאָטיִץ, וואָס איִז דערשינען אין „אונזער לעבּען". אָבּער אין דעם נאָטיִץ איִז דאָך קיין וואָרט ניִשט געווען וועגען דעם, אַז מיר זענען מסכים אַף די גזרה! דאָרט איִז גאָר גערעדט געוואָרען וועגען נאַציאָנאַליִשע קוריעס איִם אַלגעמיין.

פאַראַן בּאַ אונז אַ גרויסע געזעלשאַפטליכע גרופּע, וועלכע אָנער-קענט אין פּרינציפּ דאָס וואַלסיִסטעם, וואָס איִז געגרינדעט אַף נאַציאָ-נאַליִשע קוריעס. אָט די גרופּע וואָלט געקאָנט אָננעמען דעם רעגירונגס-פּראָיעקט, ווען דער פּראָצענט, וואָס איִז אָפּגעטיילט פאַר אונז, וואָלט געווען אַ גערעכטער, דאָס הייסט דערזעלבּיגער, וועלכען מיר מאַכען אויס אין דער אָרטיגער בּעפעלקערונג... דערבּיַי איִז די גרופּע אי-בּערציַיגט, אַז די רעגירונג וועט פון איר פּרינציפּ ניִשט אָפּטרעטען, און אַז, דעריבּער, וואָלט דער פּראָטעסט קעגען די נאַציאָנאַליִשע קוריעס סיַי-ווי-סיַי ניִשט געהאַט קיין ממשות, ווען די גרופּע זאָל אַפילו ניִשט זיַין פאַר דעם. די גרופּע האַלט, אַלזאָ, אַז דער פּראָ-טעסט דאַרף אָנגעווענדט ווערען בּלויז קעגען נידריגען פּראָצענט, וועלכער איִז ניִשט נאָר אַ גרויס אומרעכט, נאָר אַ בּלוטיגע בּעליידי-גונג פאַר אונז.

אָט וואָסערע געדאַנקען עס האָבּען אַרויסגערופען דעם נאָטיִץ אין דער כראָניק פון „אונזער לעבּען". אין איִם האָט זיִך אָפּגעשפּי-געלט ניִשט אַזוי די פּאָן פון דער רעדאַקציע, וועלכע האָט איר מייי-נונג אין דער פראַגע נאָך ניִשט אַרויסגעזאָגט, הגם אין פּרינציפּ איִז זי, אפשר, מסכים מיִט דער אויבּענדערמאָנטער גרופּע. אין דעם נאָטיִץ האָט זיִך געפונען אַנ׳אויסדרוק אַ געוויסע שאַטירונג פון געזעלשאַפטליכען געדאַנק.

און וויאַזוי האָבּען די מיטאַרבּעטער פון „קוריער פּאָראַנני" און גלאָס וואַרשאַווסקי" אַרויסגעקראַצט פון דעם נאָטיִץ, אַז די יידען זע-

נעָן „צופרידעָן מיט דעֶר בעֶגרעֶנצונג״, דאָס הײַב איך נישט אָן צו בעֶגרײַפעֶן.

בכלל קאָן איך זאָגעֶן, אַז אין די היגעֶ פּראָגרעֶסיווע קרײַזעֶן פון דעֶר רוסישעֶר געֶזעֶלשאַפט האָט די יעֶצטיגעֶ בעֶציִונג פון דעֶר פּוילי-שעֶר פּרעֶסעֶ צו דעֶר בעֶגרעֶנצונג פאַר יידעֶן געֶמאַכט זעֶר אַ שוועֶרעֶן אײַנדרוק, און פאַר די פּוילישעֶ אינטעֶרעֶסעֶן גופא איז דאָס גאָר קײַן טובה נישט!...

„אונזער לעבען״, 1909, נ׳ 247.

פעטערבורג, אָקטאָבער 1909.

## צי זענען די ליטוואקעס „רוסיפיקאטאָרען״?

איך מיין, אַז די יידישע פרעסע אין וואַרשע טוט נישט גוט, וואָס זי בעצים זיך אַזוי גרינג צו די אָנפאַלען פון „דזיען״ און די איבעריגע בלעטער, „רוסקאָיע זנאַמיאַ׳ס״ קאָנקורענטען. די פסיכאָלאָגיע פון ה׳ סטעפאַן גורסקי און זיין חברותא איז טאַקי זער דורכזיכטיג. ווען דו לייענסט אַזעלכע שורות, למשל:

„איר האָט געהאַט אונזער פרעסע, איז זי אייך נישט געפעלען געוואָרען, און איר האָט זיך בעשאַפען אַנ׳אייגענע. לייענט איר, אפשר, אונזערע צייטונגען, אונזערע וואָכענשריפטען, אונזערע פאָלקסטימליכע און פאָפולערישע בלעטער? ניין! איר לייענט נאָר אייערע זשאַרגאָנישע אויסגאָבען און שטיצט זיי אַזוי, ווי מ׳האָט ביז איצט אין וואַרשע נישט געזייען״...

אָדער —

„הכלל, גענוג! אויב איר ווילט, אַסימילירט זיך אַליין—מיר וועלען אייך אָפענהאַרציג מיטהעלפען; אָבער מיר קאָנען נישט וואַרטען מיט צונויפגעלייגטע הענט נאָך אַ הונדערט און פופציג יאָר, כדי צו דערוואַרטען זיך, אַז איר זאָלט באַ אונז אַוועקנעמען די שטאָדט און דאָס לאַנד!״...

ווען דו לייענסט, זאָג איך, אַזעלכע שורות און פילסט אַזוי בולט זייער שאַרפען קרעמערישען ריח, איז פאַרשטענדליך דער חשק — נישט צו ענטפערן, פאַרשווייגען, מבטל מאַכען מיט דער האַנט: וואָסער ממשות האָט אַ וואָרט פאַר פינסטערע אינסטינקטען? און רעד פון היינט ביז מאָרגען, וועסטו דען איבערצייגען אַזעלכע פאַרשוינען,

ווי בולאַצעל אָדער יעסקע-כאָינסקי, וואָס איינער — איז פּסיכיש-
קראַנק, דער צווייטער — האָט אַ וואָלפישע פּסיכאָלאָגיע?

אָבער מ'מוז געדענקען, אַז יעדע צייטונג ווערט מער אָדער
ווייניגער געליינט. אפילו אַזאַ „דזיען" האָט, מסתמא, זיין קרייז לעזער,
און נישטאָ נאָך אַזאַ אָנשטעקעדיגע קרענק, ווי יידענפרעסעריי. לאָמיר
זיך נישט נאַרען: פאַראַן אַ גענוג גרויסער עולם אין דער פּוילישער
געזעלשאַפט, פאַר וועלכען די געדאַנקען, וואָס ה' גורסקי דריקט-
אויס, זענען נישט גאָר פרעמד, מער נישט: די פאָרם, אין וועלכער
די תורה ווערט אַרויסגעזאָגט, איז אויסערליך נישט אַזוי גראָב. מ'איז
בעסער דערצויגען. אַביסעל שעמט מען זיך אויך. ס'איז ווערט צו
דערמאַנען, אַז זאָגאַר דער עמוד-האש פון פּוילישען ליבעראַליזם,
אַלעקסאַנדער שווענטאָכאָווסקי, האָט מיט עטליכע יאָר צוריק גע-
זינדיגט מיט דעם גאַנץ בילדליכען, אָבער נישט ווייניגער ווילדען
אַפאָריזם: „די נאַכטיגאַל זינגט טאַקי זער שיין, אָבער, ווען דער פוי-
געל זאָל זיך בעזעצען בא מיר אין מאָגען און דאָרט געבען זיינע
קאָנצערטען, וואָלט איך דאָס געוויס נישט געוואָלט דערליידען". די
נאַכטיגאַל פון דעם משל — דאָס זענען מיר, יידען. טאַקי אַ גאַנץ
וואוילע אומה, אָבער ווייל דער גורל האָט אונז פאַרשטעקט אין פּוי-
לישען מאָגען, מוזען מיר צומאָלען, איבערגעקאָכט און פאַרדייט ווע-
רען, אַזוי אַז קיין סימן זאָל נישט בלייבען, אָדער — — — גיין זיך
זוכען אַן אַנדער מקום מקלט...

אָט צו דעם עולם דאַרפען מיר ווענדען אונזערע רייד. אַ פאָלק
אין אונזער לאַגע טאָר נישט בלייבען גלייכגילטיג, ווען מ'שמירט-אויס
זיינע טויערן מיט סמאָלע. יעדער בלבול מוז אָפּגעוואָרפען ווערען,
נישט נאָר מיט פראַזען פון אָפּרעגונג און צאָרן, נאָר אויך מיט
קלאָרע תשובות, על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון. מיד ווערען,
גענוי ענטפערנדיג, טויג גאָר נישט. נאָך 1001 דערקלערונגען דאַרף
מען מיט דעמזעלביגען געדולד געבען די טויזענט צווייטע, טויזענט
דריטע, טויזענט פערדע און אַזוי ווייטער, עד אין סוף... ס'איז אַ
בושה צו זאָגען: שוין כמה שנים, ווי די פּוילישע צייטונגען, וואָס
זענען פיינטליך געשטימט צו אונז, פאַרשפרייטען אַ סך פאַלשע מיינונ-
גען וועגען אונזער בעציהונג צו פּוילען, צו דער פּוילישער קולטור,
צו דער רוסיש-פּוילישער פראַגע, — האָט מען ווי ס'דאַרף צו זיין אָפּ-
געענטפערט אַף די אַלע שקרים? האָט מען בעלויכטען די שאלות,

וועֶלכעֶ זעֶנעֶן פאַר די פּאָליאַקעֶן כלומרשט, אָדעֶר ווירקליך — טונקעֶל?
ווי ס'איז צו מיר דעֶרגאַנגעֶן אפילו אַהעֶר, אַנטוויקעֶלט זיך אין אַ געֶוויסעֶן טייל פון די פּוילישעֶ צייטשריפטעֶן אַ שטאַרקעֶ העֶצעֶ קעֶגעֶן די „ליטוואַקעֶס". פאַר מיר זעֶנעֶן די טענות נישט קיין נייעֶ. ווי זאָגט דאָס יידישעֶ גלייכוואָרט — „זיי האָבעֶן שוין לאַנג אַ באָרד". כ'האָב זיי געֶהעֶרט נאָך פאַר די פּריוואַט-היטטעֶג. אין אַ גרויסעֶר מאָס האָבעֶן מיר דעֶם גאַנצעֶן בלבול צו פאַרדאַנקעֶן אונזעֶרעֶ אַסימילאַטאָרעֶן: זייעֶר מחנה איז דאָס נעֶסט פון דעֶר שנאה צו די רוסישעֶ יידעֶן. נישט מיט ברידעֶרליכעֶר גאַסטפריינטליכקייט האָבעֶן זיי בעֶגעֶגעֶנט די אומגליקליכעֶ אַרויסגעֶטריבעֶנעֶ פון מאָסקוועֶ און אַנדעֶרעֶ שטעֶדט, נאָר מיט גיפט און לשון-הרע. דעֶרפילעֶנדיג אין זיי אַ געֶזונטעֶן עֶלעֶמעֶנט, וועֶלכעֶן ס'איז פרעֶמד די אידעֶעֶ פון אַסימילאַציעֶ, וואָלטעֶן זיי אַלץ אין דעֶר וועֶלט געֶגעֶבעֶן, די וויבעֶר מיט זייעֶרעֶ בריליאַנטעֶן פאַרזעֶצט, אַבי נישט צו דעֶרלאָזעֶן די רוסישעֶ יידעֶן קיין פּוילעֶן. און פון דעֶמאָלט-אָן איז נישט אַריבעֶר קיין וואָך, זיי זאָלעֶן נישט דעֶרמאַנעֶן די פּאָליאַקעֶן: „מיר זעֶנעֶן דיזעֶלביגעֶ, ווי געֶוועֶן: אייעֶרעֶ געֶטרייעֶ קנעֶכט... צו דעֶמדאָזיגעֶן אָנגעֶלאָפּעֶנעֶם ערב-רב האָבעֶן מיר קיין שום שייכות נישט. זיי זעֶנעֶן אונז פרעֶמד. מיר — פּוילישעֶ פּאַטריאָטעֶן; זיי — נאַציאָנאַליסטעֶן און רוסיפיקאַטאָרעֶן"...
און אַזוי איז אַנטשטאַנעֶן די לעֶגעֶנדעֶ: די ליטוואַקעֶס זעֶנעֶן נאַציאָנאַליסטעֶן און רוסיפיקאַטאָרעֶן... די ה"ה נוסבוים, דוטלינגעֶר עֶט קאָמפּאַניעֶ מעֶגעֶן זיין צופרידעֶן מיט זייעֶר שטיקעֶל אַרבעֶט... אָבעֶר צי איז נישט צייט כאָטש וועֶגעֶן דעֶר איינעֶר בעֶשולדיגונג, למשל, זאָגעֶן אַ פּאָר פּעֶסטעֶ ווערטעֶר?
רעֶדעֶן צו די צושטעֶרעֶר, וואָס קומעֶן אַרויס פון אונזעֶר אייגעֶנעֶר משפּחה, אָדעֶר צו די אַנטיסעֶמיטעֶן, וואָלט ווירקליך געֶהייסעֶן וואַרפעֶן אַרבעֶס אין די וואַנט. אָבעֶר ס'מוז דאָך זיין אין דעֶר פּוילישעֶר געֶזעֶלשאַפט אַ געֶוויסעֶ גרופּעֶ, — און אפשר נישט קיין קליינעֶ, — עֶרנסטעֶ מעֶנטשעֶן, וואָס זעֶנעֶן פעֶייג צו דעֶנקעֶן לאָגיש, אפילו ווען די זאַך איז נוגע יידישעֶ ענינים. וואָלט געֶוועֶן אינטעֶרעֶסאַנט צו דעֶרהעֶרעֶן פון זיי: זייעֶן זיי נישט איין אַ סתירה אין דעֶר איבעֶרגעֶבראַכטעֶר פאַרמעֶל? ממה-נפשך: זעֶנעֶן מיר יידישעֶ נאַציאָנאַליסטעֶן — לייגעֶן יידישעֶ צייטונגעֶן, גייעֶן אין יידישעֶן טעֶאַטעֶר, שיקעֶן די קינדעֶר אין יידישעֶ שולעֶן — קאָנעֶן מיר דאָך קיין רוסיפיקאַטאָרעֶן נישט זיין! זעֶנעֶן מיר,

זוידער, רוסיפיקאַטאָרען — רעדען צווישען זיך רוסיש, שיקען די קינדער אין רוסישע שולען, ליינען רוסישע ציַיטונגען, זענען, הייסט עס, איבער-געגעבען דעם רוסישען שאָוויניזם, — קאָנען מיר דאָך קיין יידישע נאַציאָ-נאַליסטען — אָדער, ווי דער „דזיען" מיט זײַן רייִנעם לשון דריקט זיך אויס, — „זאַצאָפּאַנצעס" און „סעפּאַראַטיסטען", נישט זײַן! — ענטוועדער — אָדער... צי בעוויַיזט נישט דער בולט'ער ווידערשפּרוך אַליין, אַז די גאַנ-צע פּאָרמעל איז נישט ערנסט, אַז אירע טאַטעס האָבען ווייניג געקוקט אַף לאָגיק, אַבי אויסצובאַקען אַ טענה, וואָס זאָל קלינגען ווי אַ לייַדיג פּאַס?

נישט דאָס איז נאָך דער שווערפּונקט פון דער פראַגע. צי האָט זיך עמיצער פון אונזערע פּוילישע בעשולדיגער געשטעלט אַמאָל די פראַגע: וואָס, אייגענטליך, קאָן אונז צווינגען צו זײַן רוסיפיקאַטאָרען? צו וואָס קאָנען מיר דאָס בעדאַרפען? וואָס קאָן אונז דערפון אַרויס-קומען? וואָסערע צילען קאָנען מיר דערמיט פאַרפאָלגען?... מילא, אַף די אַסימיליאַטאָרען, וואָס שטעלען זיך נישט די עלעמענטאַרישע קשיא, איז נישט קיין וואונדער: פאַר זיי איז דאָס גאָר קיין קשיא נישט. האָבענדיג אַליין אַ קנעכטישע פּסיכאָלאָגיע, שטעלען זיי זיך לייכט פאָר, אַז די „ליטוואַקעס" זענען אויך אַזעלכע: „מיר — טראַכטען זיי זיך, מן-הסתם — זענען „פּאָליאַקען בני דת משה", מוזען די ליטוואַקעס זײַן „רוסען בני דת משה"... אָבער אַף די ערנסטע פּובליציסטען די פּוי-לישע איז אַ חידוש: ווי איז זיי דער עסק נישט קשה?

„שטענדיג און איבעראַל פלעגט איר זיך שטעלען און שטעלט זיך אַף דער זײַט פון שטאַרקערן"! — געוואַלדעוועט פּאַן סטעפּאַן גורסקי, וועלכען ס'דאַכט זיך אַלץ, אַז ער לעבט מיט הונדערט יאָר צוריק און האָט פאַר זיך נאָך אַלץ דעם דערשלאָגענעם מאָשעק צי יאָסעק. מיר וועלען זיך נישט אַריַינלאָזען מיט ה' גורסקי אין היס-טאָרישע חקירות. לאָזען זייַנע לעזער אים נאָר אַ פרעג טון: וואָס לוינט אונז אין דיזען קאָנקרעטען פאַל „זיך שטעלען אַף דער זײַט פון שטאַרקערן"? וואָס בעקומען מיר פון אונזערע „בעלי-בתים" דער-פאַר, וואָס מיר דינען זיי כלומר'שט אַזוי טריי? וואָס איז דער שכר, וועלכען מיר בעקומען פאַר אונזער „סיסטעמאַטישע רוסיפיקאַטאָרישע טעטיגקייט"? אַזעלכע זאַכען טוט מען דאָך נישט אומזיסט! די פּאָליאַ-קען אין עסטרייכישען פּאַרלאַמענט שטיצען די דייטשישע רעגירונג קעגען זייערע טשעכישע ברידער; די פּאָליאַקען אין דייטשישען רייכסטאַג האָבען אַוועקגעגעבען זייערע שטימען דעם קלעריקאַלישען צענטר

און דער קאָנסערוואַטיוועד פּאַרטיי, — אין דעם און אין דעם פּאַל ווייסען מיר אַלע גאַנץ גענוי, אַז דאָ איז געגאַנגען אַ מסחר צווישען די פּוילישע דעפּוטאַטען פון איין זייט און די דייטשישע אונטערדריקער פון דער צווייטער — פאַר אַ טאָפּ לינזען זענען פאַרקויפט געוואָרען אי די נקמה פאַר פּויזען אי די ברידערליכע געפילען צו די טשעכען. מיר ווייסען אויך די אונטערהאַנדלונגען און די דינגערייען, וואָס ה׳ ראָמאַן דמאָווסקי האָט געהאַט געפירט מיט די אָקטאָבריסטען. איבערייסענדיג אַלע פעדעם, וואָס האָבען געבונדען די פּוילישע קאָלאָ מיט דער רוסישער אָפּאָזיציע, איז ער געווען גרייט איבערצוגיין צום צענטר, צו דער רעגירונגספּאַרטיי, איז געווען גרייט די יידען און זייערע רעכט מקריב זיין אַפ׳ן מזבח פון דער פּריש אויסגעקנאָטענער פּריינטשאַפט, און פאַר דעם אַלץ געפאָדערט פאַר זיך געוויסע הנחות פאַר פּוילען... און וואו איז אונזער שכר דערפאַר, וואָס מיר שטייען כלומרשט „אַף דער זייט פון שטאַרקערן“? צי ווען ה׳ גורסקי אָדער ה׳ דוטלינגער זאָגען, אַז די פּאָגראָמען, די רדיפות אין פאַרשידענע שטעדט און דערפער, די אַרויסשיקענישען, די פּראָצענטנאָרמע אין די שולען, — אַז דאָס איז דער שכר, אַף וועלכען מיר אַרבעטען, דאָס גליק, פאַר וועלכעס מיר שטרעבען אָפּצודאַנקען מיט אונזער „רוסיפיקאַטאָרישער טעטיגקייט“! ?

כל זמן אונזערע בעשולדיגער קאָנען נישט געבען אַ פּאָזיטיווע תשובה אַף די קלאָץ-קשיא, מוזען זיי מודה זיין — אויב זיי זענען נאָר פייג צו זיין ערליך אין פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע ענינים, — אַז וועגען אַקטיווער רוסיפיקאַציע קאָן גאָר קיין רעדע נישט זיין. און ווידער, נאָך אַלע געשרייען, האָבען די אַנטיסעמיטישע צייטונגען נישט אָנגעוויזען אַפילו קיין איין קאָנקרעטען פאַקט, וועלכער זאָל כאָטש אַף אַ האָר בעשטעטיגען זייער ליאַרם. כ׳מיין, אַז נישט פון ליבהאַרציגקייט און צניעות זענען זיי אַזוי קאַרג אַף פאַקטישע בעווייזען...

„דזיען“ וואַרפט זיך יאָ: „איר גרינדט אַפילו צייטונגען רוסישע: „דאַטשני ליסטאָק“, „קאָפּייקאַ“...

אָבער צי קאָן מען כלל-ישראל בעשולדיגען דערפאַר, וואָס אַ פּאָר געשעפטסלייט ווילען זיך פאַרנעמען מיט אַרויסגעבערייִ! ?

מ׳זאָל אַזאַ סטעפּאַן גורסקי צושפּאַרען צו דער וואַנט, בין איך זיכער, אַז ער וואָלט זיך געשעמט צו רעדען זאָגאַר פון פּאַסיווער רוסיפיקאַציע.

רעדען פון פּאַסיווער רוסיפיקאַציע הייסט דאָך אָנערקענען, אַז עס געפינען זיך פּאָליאַקען, אַף וועלכע די „ליטוואַקעס" האָבען, נישט ווילענדיג, אַ דעמאָראַליזירענדיגע ווירקונג; פּאָליאַקען, וואָס לעבען אין פּוילען און וואַרפען אַוועק זייער לשון, זייער פּרעסע, זייער ליטעראַ-סור און קונסט, זאָגען זיך אָפּ פון אַלעם היימישען, פון דער גאַנצער נאַציאָנאַלישער קולטור — און גייען איבער צום שטאַרקערן; פּאָליאַ-קען, וואָס ווערען אין זייער אייגען לאַנד אַ פרעמדער, אַ צושטע-רענדיגער עלעמענט...

די פּאָליאַקען זענען, אָבער, אין דער הינזיכט איינס פון די גליק-ליכסטע פעלקער אין דער וועלט. איך זאָג דאָס נישט אָהן קנאה. זיי זענען נאָך נישט געפּרווט געוואָרען מיט דער צרה, וואָס פאַרפּעסט דאָס יידישע לעבען; זיי ווייסען נאָך נישט, וואָס הייסט האָבען איני-ווייניגסטע צושטערער...

דאָס מאָדערנע לעבען קען נישט נאָך אַזאַ אומה, באַ וועלכער דאָס נאַציאָנאַלישע געפיל זאָל זיין אַזוי טיף איינגעוואָרצעלט און מעכ-טיג אַנטוויקעלט. די שטאַרקסטע פּאַרטיי אין פּוילען איז די נאַראָדאָ-ווע-דעמאָקראַטישע. זי פאַרפּאַרבט דאָס פּאָליטישע, געזעלשאַפטליכע און קולטורעלישע לעבען פון לאַנד. אין איר הענט געפינט זיך כמעט די גאַנצע פּוילישע פּרעסע און דאָס רוב בילדונגסאַנשטאַלטען... די מעכטיגסטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אַף די ברעגעס פון ווייסעל איז געווען פּ. פּ. ס., וואָס איז אין אירע נאַציאָנאַלישע שטרעבונגען געגאַנגען נאָך ווייטער פון די נאַראָדאָווצעס...

ווער וועט גלייבען, אַז אַ פּאָלק, וואָס אַלע קלאַסען זיינע זענען צונויפגעשמידט מיט איין געפיל פון נאַציאָנאַליזם, וועלכער גייט באַ דער מערהייט איבער אין עקסטען שאָוויניזם, — אַז אַזאַ פּאָלק זאָל, ווירקליך, מורא האָבען פאַר עטליכע צענדליג טויזענט רוסישע יידען, וועלכע זענען דערצו נאָך קאָנצענטרירט אין איין שטאָדט?... אויסער וואַרשע וועט איר דאָך נישט געפינען קיין „ליטוואַק" אַפילו אַף אַ רפואה.

„דזיען" געוואַלדעוועט יאָ עפּעס וועגען „לובלינער ליטוואַקעס".

אָבער די לובלינער איינוואוינער פאַרזיכערן, אַז זינט די שטאָדט עק-זיסטירט, האָבען זיי נאָך קיין ליטוואַק אין די אויגען נישט אָנגעזייען...

די רוסישע מאַכט שלאָגט זיך שוין עטליכע דורות, און קאָן די פּאָ-ליאַקען פון זייער נאַציאָנאַליטעט נישט אָפּרייסען. צענדליגער טויזענ-טער פּוילישע קינדער זענען דורכגעגאַנגען דורך די רוסישע גימנאַזיעס,

האָבּען אַלץ געלערנט אין דער רוסישער שפּראַך — און זענען נישט רוסיפיצירט געוואָרען, — קומען די עקסט־לינקע „קולטורטרעגער“ פון דער ראַדיקאַלישער וואָכענשריפט „ספּאָלעטשענסטוואָ“ און שרייבּען מיט שוים אַף די ליפּען וועגען דער „ליטוואַצקער געפאַר“, — וואָלט דאָס נישט געווען לעכערליך, ווען ס'זאָל נישט זיין אַזוי בּאַרבּאַריש און טרויריג... טרויריג, ווייל די נידעריגסטע אינסטינקטען צושפּילען זיך דערבּיי, אַרבּלען פאַרקאַטשען זיך, און הייזעריגע געשרייען פאַרהילכען די גאַסען: „די אָנגעקומענע דערוועקען אין אונז נאָר עקעל! זאָל זשע דאָס גאַנצע פאָלק זיך שטעלען צום קאַמף! ווען דינערן שלאָגען אין אונז, ווען איניווייניג אַפּילו וויל מען אונז אָפּשוואַכען, צוטיילען און דערנידריגען, — לאָמיר זיך פאַרייניגען, לאָמיר זיין קלוגע און פלינקע!“

דאָס — זענען די לעצטע שורות פון אַ בּריוו, וועלכען אַ קסיאָנדז פון גאַליציען האָט פאַרעפענטליכט אין „דזיען“, נ' 260 ... ווען כ'האָבּ די עטליכע „שמעקעדיגע“ פראַזען אַרויסגעשריבּען, האָט זיך מיר די האַנט מיט דער פען אַראָפּגעלאָזט: פאַראַן זאַכען, פון וועלכע דו ווערסט נבהל ונשתומם, אַזוי נישט מענשליך זייען זיי אויס... ס'איז אָפּגעפאַלען דער חשק וויטער צו שרייבּען... מ'מוז, אָבּער!

אַלזאָ — אי די אַקטיווע רוסיפיקאַציע, אי די פּאַסיווע זענען בּיידע אַ אויסגעטראַכטע מעשה.

פאַרוואָס זאָלען די פּוילישע פּובּליציסטען נישט גיין מיט'ן גלייכען וועג? אָנשטאָט חושד צו זיין די „ליטוואַקעס“ אין אַזעלכע חטאים, וואָס זענען נישט געשטויגען נישט געפלויגען, וואָלט דען נישט געווען פיל לאָגישער — און אָנשטענדיגער אויך — אָנצונעמען דעם געדאַנק, וועלכער בּינדט זיך אַליין אויס פון די קאָנקרעטע לעבּענספאַקטען און קלאַפּט מיט אַזאַ קראַפט אין מוח פון יעדען פאַרשטענדיגען מענשען, אַז מ'דאַרף שוין זיין אויסערגעוויינליך שטומפּיג, מ'זאָל אים נישט בּעגרייפען, אָדער העכסט־פאַרדאָרבּען, מ'זאָל אים פאַרלייקענען?

נאָר אַ בּלינדער קען נישט זעהן, אַז מיר זענען אין דער פראַגע פאָלקאָם נייטראַליש. מיר דאַרפען זיין נייטראַליש: אַזוי זאָגט אונז די עלעמענטאַרישע פּאָליטישע קולטור, וועלכע איז, לײדער, לחלוטין פרעמד די וועלף פון „ראָלאַ“, „דזיען“ און ענליכע מענשענפרעסענדיגע צייטונגען...

מיר מוזען זיין נייטראַליש: אַזוי פאָדערן אונזערע אייגענע נאַציאָ-

נאַלישע אינטערעסען; אונזער עקזיסטענץ פאָדערט דאָס: מיר זענען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז דאָס פאָלק, מיט וועלכען מיר לעבען צוזאַמען, זאָל נישט האָבען קיין פאַרדראָס אַף אונז...

-און דערפאַר טאַקי ווילען מיר זיין נייטראַליש. ווילען, ווייל מיר האָבען געגוג צו טון מיט זיך, מיר פאַרמאָגען נישט קיין איבעריגע צייט און כחות אַף אַזעלכע געפערליכע שפּילערייען... מיר דאַנקען גאָט, אַז מ׳טשעפּעט אונז נישט. די אינטערנאַציאָנאַלישע לאַגע פון אונזער פאָלק איז אַזעלכע, אַז דער יידישער נאַציאָנאַליזם מוז זיין און איז דער סאַמע ריינער, דער סאַמע אומפּאַרטייישער...

* *

אַ קליינע אילוסטראַציע, וואָס וועט בעלייכטען דאָס, וואָס כ׳וועל ווייטער זאָגען:

פאַראַן אַ שטעטעל אין פּוילען: סאַנדאָמיעזש. אַף יידיש: צויזמער. אַ פיין ווינקעלע. די ווייסעל. אַרום — די בערימטע סאַנדאָמירער בערג. אַף אַ הויכען באַרג, גלייך איבער׳ן וואַסער, — אַ שיינער, ווייסער בנין: אַמאָל אַ קאַטוילישער קלויסטער, איצט — אַ 4-קלאַסיג פּראָגימנאַזיום.

און אָט, אַ יאָר 13 צוריק, איז אין דעם שיינעם שטעטעל, וואָס איז אַף שריט און טריט פול מיט זכרונות פון דער פוילישער פאַרגאַנגענקייט, אַראָפּגעקומען אַ קליין „ליטוואַקל״, אַ בר-מצוה-יינגעל,— שטייען צום עקזאַמען אין דעם ווייסען אַלטמאָדישען בנין. די דאָרטיגע יידען האַלטען ווייניג פון בילדונג, און פון די 20 וואַקאַנסען, וואָס קומען-אָן אַף זייער חלק, זענען 15 תמיד געווען פריי.

די תושבים פון דעם כרך — סיי יידען, סיי קריסטען, — האָבען קיין „ליטוואַק״ אַף זייער לעבען נישט געזייען, — האָט מען דעם יינגעל נאָכגעטשאַטעוועט אַף דער גאַס, ווי עפּעס אַ משונהדיגער חיה... דאָס קינד האָט נישט פאַרשטאַנען: וואָס וויל מען פון אים? בשעת׳ן ערשטען עקזאַמען זיצט ער נאָך מיט דריי יינגלעך — פּאָליאַקען, דאַרף עפּעס אַ פּרעג טון, ווענדט זיך צו איינעם, צום צווייטען, צום דריטען, גאַנץ העפליך... קיין תשובה: אַלע דרייען זיך אויס צו אים מיט׳ן רוקען. אין אַ צייט אַרום איז ער געוואָר געוואָרען, אַז דערפאַר האָט מען זיך צו אים פיינטליך בעצויגען, וואָס ער האָט גערעדט צו זיי נישט פּויליש... אַפ׳ן אָרט האָט אים, אָבער, פאַרקלעמט באַ׳ם האַרצען,

און לאַנג-לאַנג האָט ער נישט געקאָנט פאַרגעסען די בעליידיגונג... דאָס איז געווען זיין ערשט בעגעגעניש מיט פאָליאַקען, און ער איז צו דעם בעגעגעניש גאָר נישט גרייט געווען. דוקא אַ גוטער קאָפּ, אָבער פון אַזעלכע זאַכען האָט ער נאָך נישט געוואוסט... סטעפּאַן גורסקי וואָלט אין דעם פאַל געוויס איינגעזעהען — רוסיפיקאַציע, — נישט וואָר?

מיט די דערוואַקסענע „ליטוואַקעס״, וועלכע דער גורל פאַרוואַרפט קיין פוילען, קומט-פאָר פונקט דאָסזעלביגע, וואָס מיט'ן דרייצעניערינגען „רוסיפיקאַטאָר״. באַ זיך אין דער היים, אין דער שטאָדט, פון וואַנען זיי זענען געקומען, — אין מאָסקווע, אין רעוועל, אין קעשענעוו, האָבען זיי קיין אַנונג נישט געהאַט וועגען די ספּעציפישע פּאָליטישע תנאים, אין וועלכע פוילען געפינט זיך. בעזונדערס איז דאָס ריכטיג בנוגע צו די ערשטע עמיגראַנטען. ווי לאַנג איז דען, אַז די רוסישע פרעסע פאַרנעמט זיך מיט די רוסיש-פוילישע בעציהונגען? קיין 4 יאָר נישט!

די בעשולדיגער אונזערע מעגען זיין זיכער. דער אַרויסגעטריבענער פון מאָסקווע, קומענדיג קיין וואַרשע, האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע געדאַנקען אין קאָפּ, נאָר: וואו קריגט מען אַ מקום-מנוחה?... די פאָליאַקען זענען פאַר איהם געווען אַן אומבעקאַנטע זאַך, און אויב ער האָט געקאָנט צו זיי עפּעס פילען, איז נאָר — דאַנקבאַרקייט, וואָס צווישען זיי האָט ער אַ נייע היים בעקומען. פאַר שנאה איז קיין לאָגישער גרונט נישט געווען...

איז עמיצער פון די געסט אַמאָל נישט גענוג טאַקטיש געווען אין דער שפּראַכפראַגע, איז דורכויס נישט מיט אַ שלעכטען מיין. איך האָב שוין דערקלערט גענויער אויבען, אַז די אידעע פון רוסיפיקאַציע איז זיי געווען לחלוטין פרעמד: צו וואָס האָט זיי געקאָנט טויגען, מיט אַ געזונטען קאָפּ זיך לייגען אין אַ קראַנק בעט?...

זאָלען די ערנסטע פוילישע פּובליציסטען איינמאָל פאַר אַלעמאָל שוין נעמען אַפּ'ן שכל, אַז נישט אַף צו להכעיס דער אָרטיגער בעפעלקערונג רעדט דער „ליטוואַק״ צום קעלנער אין קאַוויאַרניע אָדער צו דער סקלעפּאָווע אין געוועלב — נישט פויליש! ער וואָלט גערן רעדען צו זיי יידיש — פאַרשטייען זיי נישט, און פויליש — קען ער נישט! קען נישט, ווייל — ער איז געקומען פון די מקומות, וואו פויליש איז נישט בנמצא, כאָטש אַ רענדעל פאַר אַ וואָרט... אויסער דעם רעכענען די

„ליטוואַקעס" אפילו נישט, אַז דער פּאָליאַק זאָל זיך באַליידיגען דערפון, וואָס מ'זאָגט אים אָנשטאָט: „שקליאַנקע הערבאַטי"—„סטאַקאַן טשאַיו"... זיי זענען נישט בעהאַוועט אין די אָרטיגע בעציהונגען...

נאָר לאָמיר זיך אומקערען צום קליינעם ליטוואַקעל. אויסגע-האַלטען דעם עקזאַמען, איז ער פאַרבליבען אין פּראָגימנאַזיום. אין קלאַס איז אים אויסגעקומען צו זיצען מיט פּוילישע חברים. נישט ווילענדיג האָט מען געמוזט רעדען צווישען זיך, און די פּוילישע שפּראַך איז אים געווען פרעמד... נאָכ'ן ערשטען האָבען זיך אַנדערע ליטוואַקלעך אַ לאָז געטון: אַ שפּאַס — אַ כרך, וואָס האָט אַזויפיל יידישע וואַקאַנסען... דרייצען יאָר איז שוין אַריבער, ליטוואַקלעך פּאָ-רען און פּאָרען, און פונדעסטוועגען: צויזמער שטייט אַף זיין אָרט! מ'הערט עפּעס נישט, דאָס פּוילישע שטעטעל זאָל רוסיפיצירט ווע-רען... להיפך: איך בין גראָד בעקאַנט מיט'ן ליטוואַקעל, ער איז מיינס אַ שטיקעל משפחה, — און כ'בין אימשטאַנד צו פאַרזיכערן, אַז פאַר-לאָזענדיג צויזמער נאָך צוויי יאָר, האָט ער שוין מיטגענומען מיט זיך עטליכע הונדערט פּוילישע ווערטער... אַצינד איז שוין פון אים אַ גאַנצער „ליטוואַק" געוואָרען. זיין שטודיום האָט ער פאָרטגעזעצט אין וואַרשע, און רעדט, דעריבער, שוין גאַנץ פיין פּויליש, לייענט און שרייבט אפילו...

אָהן שום חכמות: ער זאָל געווען שטודירען אין דייטשלאַנד, אָדער אין פראַנקרייך, אָדער אין איטאַליען, וואָלט ער זיך געווען אויסגעלערנט דייטשיש, אָדער פראַנצייזיש, אָדער איטאַליעניש. אין פּוילען — קען ער פּויליש. אַ נאַטירליכע זאַך: די סביבה ווירקט, צי מ'וויל, צי מ'וויל נישט... איבעראַל ווירקט די סביבה. נישט אַף אַלע גלייך: אַפ'ן עלטערן דור שוואַכער, אַפ'ן יונגען שטאַר-קער. אין פּאַריז צי אין ניו-יאָרק פלאַפּלען אונזערע ברידער, די פרישׂ אָנגעקומענע עמיגראַנטען, קוים-קוים פראַנצייזיש, צי ענג-ליש, — דערפאַר דער יונגער דור בעהערשט שוין גוט די לאַנדס-שפּראַך... דאָסזעלביגע געשייט מיט די „ליטוואַקעס" אין פּוילען...

די אינטעליגענטישערע קרייזען זענען שטענדיג צופרידען צו דער-ווערבען נאָך אַ שפּראַך. היינטיגע צייטען איז שווער אויסצוקומען נאָר מיט איין לשון. דער „ליטוואַק" קען יידיש: זיין נאַציאָנאַלשפּראַך; קען רוסיש: די מלוכהשפּראַך; לערנט זיך מיט פאַרגעניגען אויס פּוי-

ליש: ראשית, איז אים גרינגער זיך צוזאַמענצוזעצן מיט די פּאָליאַ-
קען, מיט וועלכע ס'קומט אים אויס זיך צו בעגעגענען; ושנית, ווייל
ער בכלל בעקומען אַ צוטריט צו דער קולטור פון דעם פאָלק, צווישען
וועלכען ער האָט זיך בעזעצט.

אַלע רעדעריַיען וועגען דער „שנאה", וואָס די „ליטוואַקעס"
פילען כלומרשט צו דער פּוילישער שפּראַך און אים-אַלגעמיין צו דער
פּוילישער קולטור,—די אַלע רעדעריַיען זענען מער נישט ווי בלבולים,
שוואַרצע בלומען פון דער רעאַקציאָנערישער צייט, פאַרגיפטע פּיילען
פון עפּעס פאַרדעכטיגע עלעמענטען, וואָס האָבען אייגענע, נישט גאָר
ריינע צוועקען דערין, אין דעם אַנטיסעמיטישען געטומעל, הייסט עס.

אַ „ראָלאַ", אַ „דזיאַן" — האַסען מיר. דאָס איז אמת, און מיר
וועלען עס נישט פאַרלייקענען. אָבער אַ פּשיבישעווסקי, אַ קאַס-
פּראָוויטש, אַ וויספּיאַנסקי, אַ זשעראָמסקי, אַ ווי-
טשאַלקאָווסקי, אַ לעוואַנדאָווסקי, — קיינמאָל נישט. זיי בעוואונדערן
מיר, ווי אַלעס גרויסע אין דער וועלטקולטור... הלואי
האָלטען די פּאָליאַקען געוועזען פייג זיך צו בעציען צו אונזער קול-
טור מיט דעם כבוד, ווי מיר בעציען זיך צו זייערע גרויסע מענשען
און גרויסע קונסטווערק!

קוויקענדיג זיך מיט מאַלטשעווסקי'ס אַפאַנטאַזיע אָדער מיט
פּאַלאַט'ס אַשנײַ, מיט מיצקעוויטש'ס סאָנעטען אָדער מיט
סלאָוואַצקי'ס „פּאַטער פון פאַרפּעסטע", שעצען מיר דאָך טייער אונ-
זער אייגענע קולטור. אָבער דאָס איז שוין גאָר אַנ'אַנדער זאַך! דאָס איז
אונזערע אַ פּערזענליכע זאַך, אין וועלכער קיינער טאָר אונז קיין עצה
נישט זאָגען! יאָ, קיינער טאָר אונז אין דעם קיין עצה נישט זאָגען.
אַמאָל, אין דער פּאָליציייִשער מלוכה, פלעגט די אַדמיניסטראַציע נאָכשפּי-
רען דעם בירגער יעדען טריט זיינעם, פלעגט זיך אַריינרייסען צו אים
אין שטוב, פלעגט רעגולירען זיין אָטעם, זיין געדאַנק, זיין געפיל. דער
מענש איז נישט געווען פריי אין די סאַמע אינטימע ווינקעלעך פון
זיין לעבען. אַלץ איז געווען פאָרויס אָפּגעמאָסטען פון דער אַדמיני-
סטראַציע: „אַזוי און אַזוי דאַרפסטו לעבען, אַזוי און אַזוי גלייבען,
דענקען"... דער גאַנצער זין פון דער נייער צייט, דער הויפּטציל פון
דעמאָקראַטיזם איז צו בעפרייען דעם יחיד פון אַזאַ אַפּיטרופּסות, וואָס
דערשטיקט זיין פּערזענליכקייט, — דעם יחיד און דעם כלל, די איינ-
צעלנע פּערזענליכקייט און גאַנצע פעלקער...

דער ווילדסטער באַרבאַריזם רעדט, דעריבער, אין די פּוילישע אַנטיסעמיטען, ווען זיי האָבען טענות צו אונז, פאַרוואָס רעדען מיר יידיש, גייען אין יידישען טעאַטער, אַבאָנירען יידישע צייטונגען...

גלויבענספרייהייט און קולטורפרייהייט — זענען די הויפּטפּרינציפּען פון מאָדערנעם פּראָגרעס און דאָס עלעמענטאַרישע רעכט פון מענשען און פעלקער.

מיר קאָנען נישט אָנערקענען אַ אינקוויזיציע איבער אונזער געפיל און געדאַנק!

די פּעטערבורגער פּאָליאַקען זענען להרוג ולאבד, פאַרוואָס די פּאָליציי האָט זיי נישט דערלויבט אין דער רוסישער קרוינשטאָדט צו בענוצען זיך מיט זייער נאַציאָנאַלישער שפּראַך. פאַרוואָס ווילען די וואַרשעווער פּאָליאַקען נישט מודה זיין, אַז מיר, יידען, מעגען פאַר זיך פאָדערן אין פּוילען דאָסזעלביגע, וואָס זייערע ברידער פאַרלאַנגען פאַר זיך אויסער פּוילען?

די פּאָליאַקען זענען העכסט געקרענקט דערפון, וואָס מ׳האָט אין קיעוו פאַרמאַכט זייער בילדונגסגעזעלשאַפט „אָסוויאַטאַ״, — ווי אַזוי קאָנען זיי זיך דערוועגען, אָפּצוהייבען אַזעלכע געוואַלטען, ווען זיי דערהערען וועגען אַ יידישען קולטורעלישען אַנשטאַלט אין פּוילען?...

אין קיעווער גובערניע מאַכען זיי אויס קוים 3 פּראָצענט פון דער בעפעלקערונג, מיר אין פּוילען — 16...

האָבען די פאַרשוינען פון „דזיען״ און זייערע מיטפילער צווייערליי וואָגען און צוויייערליי געוויכט: אַריכטיגע פאַר זיך, אַ פאַלשע — פאַר אונז, — זאָלען זיי לכל הפחות דאָס וואָרט קולטור נישט לעסטערן מיט זייערע צבוע׳שע ליפּען!

איבריגענס, וועגען דעם לוינט זיך דורכצושמועסן אַביסעל ברייטער.

איצט וועל איך נאָר זאָגען:

— מ׳דאַרף שוין זיין זער, אָבער זער פאַרווילדט; זער, אָבער זער פינסטער; זער, אָבער זער שטומפּיג, מ׳זאָל ערנסט שרייען, אַז ווען אַ ייד שעצט טייער זיין אייגענע נאַציאָנאַלישע קולטור, הייסט עס, אַז ער איז מבזה די פּוילישע...

פע, ס׳איז זאָגאַר אַ בושה צו שרייבען פון אַזעלכע עלעמענטאַרישע זאַכען!

* *

נאָך אַ טענה האָט מען עפּעס צו די „ליטוואַקעס״.

אַז איך הער זי, ווייס איך נישט: צי זאָל איך לאַכען, צי זאָל איך שטוינען!

מ׳האָט אַף די „ליטוואַקעס״ פאַרבעל פאַר די פּוילישע ייִדען. געווען פיינע ייִדען אין פּוילען, געהאַנדעלט-געוואַנדעלט, נישט געוואוסט קיין חכמות. אמת, אויך דעמאָלט — דער אַנטיסעמיטיזם געשטשערט זיינע פּוילע צײן: די „ראָלאַ״ — יעדע וואָך פאַרביסען מיט אַנ׳אַנדער בינטעל יהודים; אין „קורימער סוויאָנטעטשני״ נאָכגעקרימט, ווי ייִדען רעדען פּויליש; נישט אַרײַנגעלאָזט קיין לאַנגע קאַפּאָטעס אין זאַקסישען גאָרטען, און נאָך, און נאָך, און נאָך — שפּילקעס אַף יעדען שריט און טריט... אָבער די אַסימיליאַטאָרען האָבען זיך נישט געמאַכט וויסענדיג, אַראָפּגעשלונגען מיט אַ חניפה׳דיגען כי-כי-כי, און ווען מ׳האָט אָפּגעפירט „זלאָטי ציעלעץ״, דוקא איבערפולט דאָס טעאַטער און געוואָרפען בלומען אַף די סצענע.

און פּלוצים קומען די „ליטוואַקעס״. די עזות-פּנים׳ער, כּל-בו׳ניקעס נעמען זיך צו די אומשולדיגע נפשות׳לעך און איבערפירען זיי אַף אייביג, — „אויף אימער אונד עוויג״, ווי אין די ייִדישע אָפּערעטעס ווערט געזונגען...

ס׳אַ אומדערהערטע זאַך!

יש אומרים, אַז די פּוילישע ייִדען, אונטער׳ן איינפלוס פון די ליטוואַקעס, ווערען „רוסיפיצירט״... דאָס איז מער ווי אידיאָטיש. כ׳האָב שוין געזאָגט איינמאָל: שטאַרקער ווירקען, אין דער הינזיכט, די מיליאָנען אָרטיגע בירגער אַף די עטליכע צענדליג טויזענט אָנגעקומענע; איבערהויפּט נאָך, אַז דער שטראָם האָט זיך נישט מיטאַמאָל אַרײַנגעגאָסען. איך קאָן פאַרזיכערן, אַז דער ליטוואַק אין וואַרשע פאַרגעסט גיכער דאָס ביסעל רוסיש, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, ווי דער פּוילישער ייִד לערנט זיך פון אים אויס די טייטש פון אַזעלכע ווערטער, ווי „ספּאַסיבאָ״ און „דאָ-סווידאַניאַ״...

אַנדערע, ווידער, קלאָגען זיך, אַז די „ליטוואַקעס״ האָבען אָנגעשטעקט דאָס פּוילישע ייִדענטום מיט זייער נאַציאָנאַליזם...

אַף דער בעשולדיגונג איז זיך שוין ווערט אָפּצושטעלען. זי איז גאַנץ כאַראַקטעריסטיש: וואָס זאָגט מען אונז דאָ? אַ קלייניגקייט: זיי,

די רוסישע יידען, בעגייען אַ פאַרברעכען קעגען די פּאָליאַקען, דערמיט,
וואָס זיי ווירקען אַף זייערע פּוילישע ברידער, אַז זיי זאָלען זיין
נאַציאָנאַליסטישע יידען... איר פאַרשטייט, ווי שרעקליך דאָס איז! געווען
אַמאָל אַ צייט -- אַ סך צענדליגער יאָרען צוריק, ווען די יידען פון
יעדער געגענד זענען געווען אַ פּריוואַטאייגענטום פון קייזער, קעניג,
הערצאָג, קורפירשט, מאַרקגראַף, — וועלכער האָט געקאָנט טון מיט
זיי, וואָס זיין האַרץ האָט נאָר געגלוסט: וויל ער - לאָזט ער זיי לעבען;
דאַרף ער זייער געלט - קאָנפיסקירט ער זייער פאַרמעגען און טרייבט
זיי אַרויס, פאַרקויפט זיי, שענקט זיי אַוועק, בייט זיי אויס אַף
אַנדערע...

כמעט אין דער גאַנצער וועלט קוקט מען שוין אַף אונז, ווי אַף
מענשען, וואָס זענען גלייך מיט אַלע איבעריגע, ווי אַף בירגער פון
לאַנד, און נאָר אין די קרייזען פון די פּוילישע אַנטיסעמיטען האָט
מען נאָך אַלץ די מיטעלאַלטערישע פּסיכאָלאָגיע...

קומט אַ ייד און גרינדט אַ יידישע צייטונג, גיט אַרויס אַ יידיש
בוך, עפענט אַ יידיש טעאַטער, — ווערט אַ געוואַלט צווישען די אַנטי-
סעמיטען: „גנבים! מ'ראַבעוועט אונזער גוטס!" פונקט אַזוי וואָלטען
זיי געשריגען, ווען זיי זאָלען דערהערען, ווי באַנאַכט ברעכט עמיצער
אַף דעם שטאַל און פירט אַרויס זייערע אַ קו...

און שולדיג איז דער „ליטוואַק"!

אַי, דער ליטוואַק מיט'ן פּוילישען ייד זענען לייבליכע ברידער;
אַי, איין בלוט רינט אין זייערע אָדערן, איין פאַרגאַנגענקייט און
היסטאָרישער שיקזאַל בינדט זיי, איין געגענוואַרט, איינע צרות, איין
שפּראַך אפילו, שוין נישט רעדענדיג פון דעם, אַז איין אמונה קלעבט
זיי צו איינעם צום אַנדערן; אַי, דאָס אַלץ — וואָס אַרט עס דעם
„נאַראָדאָוויעץ"?

ווען עמיצער שטייט פונדערווייטענס און הערט די ילולות אין געוויסע
קרייזען וועגען דעם, אַז די יידען זענען „זאַצאָפּאַנצעס", „פאַנאַטיקער",
בלינדע מענשען, וועלכע ווייסען נישט דעם טעם פון בילדונג, — קאָן
ער אַמאָל אַ טעות האָבען און מיינען, אַז די קלאָגערס וואָלטען, ווירקליך,
וועלען, די יידישע גאַס זאָל ווערען שענער, רייגער, מאָדערנער,
דאָס לעצטע וואָרט פון דער אייראָפּעישער קולטור זאָל פאַרגיסען די
שמוציגע ווינקלען, וואו זייערע יידישע מיטבירגער האַלטען זיך אָף...
מער, ווי אַ טעות, און אַ גראָבער טעות — איז דאָס, אָבער, טאַקי נישט!

זוכט נישט קיין ערנסטען אינהאַלט אין די אַלע יללות! דער עיקר איז דאָ נאָר די טענה, די טענה אַליין, אַלס אַזעלכע. מען מוז שטענדיג האָבען עפּעס אַ טענה, כּדי צו קאָנען אויסזידלען אַביסעל דעם ייד. והא ראיה: איז די יידישע גאַס שמוציג — שלעכט; — פּריוואַט זי זיך אַ ריייניג טון — ווידער שלעכט; — „זאַצאָפּאַנצעס" — טויג נישט, ווערען מיר ווירדיגע לייט מיט מענשליכען און נאַציאָנאַלישען בעוואוסט-זיין — טויג ווידער נישט; — זענען מיר געווען פינסטער — אַ ליאַרם, מאַכען מיר צייטונגען, טעאַטרס — וואַרפט מען זיך אַף אונז מיט טענות; איך שרייב יידיש — סעפּאַראַטיזם; ווילהעלם פ ע ל ד מ אַ ן האָט דאָס גאַנצע לע-לען אַוועקגעגעבען דער פּוילישער ליטעראַטור — הערט מען נישט אָף אין געוויסע קרייזען אים צו רודף'ן: „ס'טייטש — אַ זשיד זאָל זיך דערוועגען מיט זיין זשידאָווסקער האַנט צו שרייבען וועגען פּוילישע שריפט-שטעלער!". אַזוי — נישט גוט, און אַנדערש — נאָך ערגער... אַז דער ייד מוז שטענדיג שולדיג זיין! און גיי פאַרענטפער זיך!

ווען די שרייער זאָלען טאַקי אַפ'ן רעכטען אמת שטרעבען דער-צו, אַז די יידישע מיטבירגער זאָלען ווערען אייראָפּייער, וואָלטען זיי דאָך געקאָנט נאָר בעגריסען די טעטיגקייט פון די יידישע בילדונגס-אַנשטאַלטען, פּרעסעאָרגאַנען, טעאַטרס א. אַז. וו., בעגריסען און בע-גריסען, — ווייל דורך זיי איז דער איינציגער וועג אַריינצוברענגען אין דער יידישער גאַס די מאָדערנע קולטור.

מיינער אַ בעקאַנטער פּוילישער ליבעראַל, אָנערקענענדיג די שרעק-ליכע קראַפט פון קאַטוילישען קלעריקאַליזם, האָט מיר בעמערקט מיט ערנסטע ווערטער:

— „ווען מיר זאָלען האָבען פּאָליטישע אומאָפּהענגיגקייט, וואָלטען מיר זיך געקאָנט דערלויבען צו קעמפען פאַר אַ פאָלקאָם וועלטליכע קולטור. אונזער נישט נאָרמאַלישע פּאָליטישע לאַגע האָט, אָבער, געבראַכט דערצו, אַז די ווערטער פּ אָ ל י אַ ק און ק אַ ט אָ ל י ק זענען געוואָרען סינאָנימען, דאָס ערשטע אָהן דעם צווייטען קלינגט עפּעס נישט, ווייל אין קאַטאָליציזם פילט אונזער נאַציאָנאַליש בעוואוסטזיין אַ קראַפט, וואָס שיצט אונז פון אַסימילאַציע"...

זאָלען-זשע אונזערע געגנער זיין אַף אַזויפיל אָביעקטיוו און אומפּאַרטייאיש, זיי זאָלען וועלען און קענען משיג זיין, אַז אויך די יידישע „זאַצאָפּאַנצעווע" האָט ענליכע וואָרצלען. אויך בא אונז איז די רעליגיעזישע לעבענסאַרט — אַן אייזערנער מאַנטעל, וואָס פאַרהיט די

יידישע נאַציאָנאַלישע עקזיסטענץ פון די אומבּרהמנות'דיגע קלעפּ, וועל-
כע שיטען זיך אַף אונז אין משך פון צוויי טויזענט יאָר... דערפאַר
איז אַזוי שווער געווען אַריינצוברענגען די אייראָפּעישען קולטור אין
יידישען געטאָ. מ'האָט געדאַרפט געפינען דעם ריכטיגען וועג, ווי
צוצוגיין.

די השכלהבעוועגונג איז געווען קאָסמאָפּאָליטיש און בטלנ'יש,
האָט זיך ווייניג גערעכענט מיט דער פאָלקסנשמה און האָט נישט גע-
קאָנט האָבען קיין דערפאָלג, ווייל זי האָט געפירט דירעקט צו אַסימי-
לאַציע. אַסימילירען זיך קאָנען אָבער נאָר יחידים — אַ גאַנץ פאָלק
אַסימילירט זיך נישט!

נאָר דאָס יידישע נאַציאָנאַלגעפיל האָט געעפענט דער ריכטיגען
וועג. אַנטוויקלענדיג די יידישע שפּראַך, ליטעראַטור, טעאַטער, האָט
עס צוגעגעבען אָט די אַלע קולטורווערטען אַ נייע בעדייטונג. אין דער
יידישער וועלטליכער קולטור האָט דאָס פאָלק געפונען אַ נייע שוץ, אום
עס זאָל נישט אונטערגיין. און אָט די נייע שוץ האָט מיטגעהאָלפען,
אַז דער פּראָסט פון דער אַלטער רעליגיעזישער לעבענסאַרט זאָל
אַביסעל נאָכלאָזען. נאָר אין יידישע פאָרמען קאָן דאָס יידישע פאָלק
אָננעמען די פּרוכטען פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע, וועלכע אַנדערע
פעלקער האָבען אָנגענומען אויך אין זייערע ספּעציפישע פאָרמען.

זאָלען די שאָוויניסטען פון „דזיען" דאָס בעגרייפען. און אויב
זיי זענען פייניג זיך אָפּצוהייבען העכער פון דעם וואָלפישען שטאַנד-
פּונקט, וועלכער זאָגט זיי, אַז די יידען מוזען אויסגעמעקט ווערען,
איינגעשלונגען אָדער אַרויסגעשטופּט ווערען; אויב זיי זענען אימשטאַנד
צו פאַרדייען דעם גרויסען פּרינציפּ פון דער מאָדערנער סאָציאָלאָגיע,
אַז דאָס לאַנד געהערט צו אַלע די, וואָס וואוינען אַף דעם, נישט
קוקענדיג דעראָף, ווער פריער איז געקומען, און ווער שטאַרקער
איז; אויב זייער שכל קאָן זיך אויסטייטשען דעם צווייטען גרויסען
פּרינציפּ פון 19-טען יאָרהונדערט, אַז יעדע נאַציאָנאַלישע גרופּע, ווי
קליין און שוואַך זי זאָל נישט זיין, האָט רעכט אַליין צו בעשטימען
די פאָרמען פון איר עקזיסטענץ, און פריי צו אַנטוויקלען איר קולטור;
קורץ: אויב זיי ווילען ערליך רעגולירען אונזערע בעציונגען, זאָלען
זיי אָנערקענען דאָס רעכט פון יידען אַף נאַציאָנאַלישע זעלבסטבע-
שטימונג!

מיט וועמען איז בעסער האָבען צו טון: מיט אַ פינסטערער טשע-

רעדע, צי מיט אַ בעוואוסטזיניגער נאַציאָנאַלישער גרופּע?

די פּאָליאַקען אין דייטשלאַנד פילען, ווי נידערטרעכטיג עס זענען די „האַקאַטיסטען", וואָס ווילען אונטערדריקען די פּוילישע נאַציאָנאַלישע זעלבסטבעשטימונג. דאַגעגען מוזען זיי סימפּאַטיזירען מיט ענגלאַנד דער־פאַר, וואָס זי גיט אַלע פעלקער די מעגליכקייט פריי צו אַנטוויקלען זייערע נאַציאָנאַלישע כּוחות. נאָר די ענגלענדער ווייסען נישט פון עקאָנאָמישען בויקאָט, פון אָפּעסען גאַנצע נאַציעס...

זאָל דער בעסערער טייל פון דער פּוילישער געזעלשאַפט גיין צו פ'ן וועג פון די ענגלענדער, נישט פון די דייטשישע „האַקאַטיסטען".

„אונזער לעבען", 1909, נ"נ 214, 222, 232, 235, 236.